פאַלק היילפּערין

# ערשטע טריט

## כרעסטאָמאַטיע פאַרן 2-טן לערניאָר



ווילנער פאַרלאַג
פון ב. קלעצקין
ווילנע—וואַרשע—1930

ISBN:0-657-11665-3

פאַלק הײלפּערין

# ערשטע טריט

כרעסטאָמאַטיע פאַרן 2-טן לערניאָר

צווייטע אויסגעבעסערטע אויפלאַגע

ווילנע — 1930

ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין



## אין שאָלעכץ=וויג.

אין דעם שאָלעכץ פון אַן איי
זיצן קינדער אַלערליי;
רויטע, גרינע זײַנען זיי,
וויגן זיך מיט אַ געשריי.
וויגן, וויגן, וויגן —
ווערן ניט אַנטשוויגן.

טוט אַ ווינטל גיך אַ ברום —
און דער שאָלעכץ קערט זיך אום;
טוען זיך אַ שיט אַרויס —
קליין און גרויס.

כאַפּן קינדער שטעק און עק,
קאָטשערעס און לאָפּעטעס,
און מיט גרויס געפּילדערײַ
שטעלן אויף די שאָל אויפסנײַ,
און זיי וויגן, וויגן, וויגן,
ווערן ניט אַנטשוויגן.

וואוינט אַ באַבעצע אין וואַלד, מיט אַן אייניקל אין וואַלד, מיט אַ גרויסן גרויען הונט — קודלע.

קלייבט דער ייִנגל שוועמעלעך, באַקט די באַבע זעמעלעך; און פון גרעזלעך, פישלעך באַקט די באַבע קנישלעך.— האָדעוועט דעם אייניקל דעם קליינינקען און קודלען.

גייט דער אייניקל צום טיש, וויינט ער:

— וויל איך, וויל אַ גרויסן קניש! שטענדיק איינע, אַלץ צו איינע, שטענדיק קליינע!

איינמאָל קומט ער אויפדערגיך, טוט אַ קוק אַריין אין קיך — ליגט אַ קניש. אַ קניש — אַ בער! גרויס און הויך און ברייט און שווער.

— באַבע, באַבע! עפן טירן! כ׳וועל דעם קניש אַריבער־פירן! קודלע! גיכער! כ׳קען ניט רירן!

טראָגט מען, שלעפּט מען אים, דעם קניש; לייגט מען אים אַוועק אויף טיש. גייט דער קליינער, טוט אַ ביס... אַך! — אַז עס האָט געטאָן אַ בלאָז! אַז ס׳האָבן זיך געטאָן אַ לאָז זיבן פייגעלעך געלע־נאָז הענדום־פּענדום פון דעם קניש, — האַקען, קראַקען, דרייען, קרייען אַרום ייִנגל, אַרום טיש.

— קליינער איינער! דו אַזוינער און אַזוינער! טאַרטאַר! טאַרטאַר! טאַרטאַר! טאַר! ווילסטו גאָר אַ גרויסן קניש?

— קאַרקאַר! קאַרקאַר! קאַרקאַר! קאַר! נאַ־זשע דיר אַ גרויסן קניש!

אַ מענטש איז געגאַנגען פאַרבײַ טײַך. זעט ער: אַ ראָב טראָגט אַ מײַזעלע. דער מענטש האָט אויף דעם ראָב אַ וואָרף געטאָן אַ שטײן. דער ראָב האָט דאָס מײַזעלע אײַנגע־לאָזן. דאָס מײַזעלע איז אַרײַנגעפאַלן אין טײַך. דער מענטש האָט עס אַרויסגענומען און געבראַכט אַהיים.

דער מענטש האָט קײַן קינדער ניט געהאַט. זאָגט ער: אוי, אַז פון דעם מײַזעלע וואָלט געוואָרן אַ מײדעלע! איז געוואָרן. ווען דאָס מײדעלע איז אויסגעוואַקסן, פרעגט דער מענטש בײַ איר: מיט וועמען ווילסטו, טאָכטערקע, חתונה האָבן? דאָס מײדעלע האָט געענטפערט: „מיט דעם, וואָס איז שטאַרקער פאַר אַלעמען אויף דער וועלט".

דער מענטש איז אַוועק צו דער זון און זאָגט צו איר: „זון, זון! מײַן מײדעלע וויל חתונה האָבן מיט דעם, וואָס איז שטאַרקער פון אַלעמען אויף דער וועלט? זאָג מיר, ווער איז דער שטאַרקסטער אויף דער וועלט?"

האָט די זון געענטפערט: „דער וואָלקן איז דער שטאַרק־סטער אויף דער וועלט. ער פאַרשטעלט מײַן שײַן".

איז דער מענטש אַוועק צום וואָלקן און זאָגט צו אים: „וואָלקן, וואָלקן! האָב חתונה מיט מײַן מײדעלע, דו ביסט דער שטאַרקסטער אויף דער וועלט".

האָט דער וואָלקן געענטפערט: „ניין, איך בין ניט דער שטאַרקסטער. דער ווינט איז שטאַרקער פאַר מיר: ער טרייבט מיך אַרום, וווהין ער וויל".

איז דער מענטש אַוועק צו דעם ווינט און זאָגט צו אים: „ווינט, ווינט! האָב חתונה מיט מיין מיידעלע: דו ביסט דער שטאַרקסטער אויף דער וועלט".

האָט דער ווינט געענטפערט: איך בין ניט דער שטאַרק־סטער. דער באַרג איז שטאַרקער פאַר מיר. ער פאַרשטעלט מיר דעם וועג.

איז דער מענטש געקומען צו דעם באַרג: „באַרג, באַרג! דו ביסט דער שטאַרקסטער אויף דער וועלט. האָב חתונה מיט מיין מיידעלע!"

האָט דער באַרג געענטפערט: „ניין, איך בין ניט דער שטאַרקסטער, דער פאַצוק איז שטאַרקער פאַר מיר: ער בייסט אין מיר אויס גריבער."

איז דער מענטש אַוועק צו דעם פאַצוק: „פאַצוק, פאַ־צוק! דו ביסט דער שטאַרקסטער אויף דער וועלט. האָב חתונה מיט מיין מיידעלע."

האָט דער פאַצוק געענטפערט: „רעכט, איך וועל חתונה האָבן מיט דיין מיידעלע."

איז דער מענטש געקומען צו זיין מיידעלע און האָט געזאָגט: „דער פאַצוק איז דער שטאַרקסטער אויף דער

וועלט. ער עסט אויס לעכער אין באַרג, דער באַרג פאַר־שטעלט דעם וועג פאַר דעם ווינט, דער ווינט טרייבט וווּהין ער וויל דעם וואָלקן, דער וואָלקן פאַרשטעלט די שיין פון דער זון. און דער פאַצוק איז גרייט מיט דיר חתונה צו האָבן."

אָבער דאָס מיידעלע האָט געזאָגט: וואָס זשע זאָל איך איצט טאָן? ווי קאָן איך חתונה האָבן מיט דעם פאַצוק, אַז איך בין אַ מיידעלע?

דעמאָלט האָט דער מענטש געזאָגט: אוי, אַז פון מיין מיידעלע וואָלט צוריק געוואָרן אַ מייזעלע!

איז געוואָרן.

און דאָס מייזעלע האָט חתונה געהאַט מיט דעם פאַצוק.



# א טאנץ-ליד.

— טאַנצן וואָלט איך זייער וועלן,
נאָר איך קאָן קיין פּוס ניט שטעלן.
ווייז מיר, שוועסטער, איינמאָל נאָר —
וועלן מיר טענצער זיין א פּאָר.

„מיטן פוס מאַך — האָפּ-האָפּ-האָפּ!
מיטן הענטל — קלאָפּ-קלאָפּ-קלאָפּ!
אמאָל אהין, אמאָל אהער,
און ניט מער, ס'איז ניט שווער.“

— מיטן פּיסל — האָפּ-האָפּ-האָפּ!
מיטן הענטל — קלאָפּ-קלאָפּ-קלאָפּ!
אַמאָל אהין, אמאָל אהער,
יאָ, ס'איז גאָר ניט שווער.

„איי, מיין ברודער, סאַר א כוואַט!
נאָכגעמאַכט אַלץ אַקוראַט.
קוק זשע ווייטער, ווי מען טוט.
קוק און נעם נאָר איבער גוט:

מיטן קעפּל — טשאַק-טשאַק-טשאַק!
מיט די פינגער — קנאַק-קנאַק-קנאַק!
א קנאַק אהין, א קנאַק אהער,
און ניט מער, ס'איז ניט שווער.“

— מיטן קעפּל — טשאַק-טשאַק-טשאַק,
מיט די פינגער — קנאַק-קנאַק-קנאַק!
אהער א גיי, אהין א דריי —
צלע מאָל אזוי.



## צוגעגנבעט מיין ברודערל.

הײַנט האָט מען מײַן ברודערל יאַנקעלען צוגעגנבעט. אין שטוב האָבן אים פליגן געביסן, און ס׳איז געווען הייס. האָט די מאַמע אים אַוועקגעלייגט שלאָפן אין זיין וועגעלע אין פירהויז. דאָרט איז לופטיק. אַלייִן איז זי אַוועק קאָכן מיטאָג. פלוצלונג כאַפּט זי זיך: דאָס וועגעלע איז פּוסט און יאַנקעלע ניטאָ. יאַנקעלע איז דאָך אַלייִן ניט אַוועק, אַז ער איז גאָר און גאָר אַלט מער ניט ווי פיר חדשים!

האָט די מאַמע געמאַכט אַ גוואַלד. מענטשן זיינען זיך צונויפגעלאָפן. זיי האָבן זיך אויך דערשראָקן. מען האָט גענומען זוכן; אַוועקגעלאָזט זיך איבער די גאַסן, איבער די וועגן אונטער דער שטאָט; ביי אַלעמען אויסגעפרעגט זיך: אפשר האָט מען געזען אַ פרעמדן, וואָס האָט געטראָגן אַ קינד? — קיינער האָט ניט געזען.

ס׳איז מסתמא געווען שרעקלעך. די מאַמע האָט צוויי מאָל געחלשט. איך ווייס ניט, וואָס וואָלט מיט מיר געווען, ווען איך וואָלט זיין דערביי. נאָר איך בין געווען אין שול און האָב פון קיין זאַך ניט געוואוסט.

אָבער די שרעק איז געווען אַן אומזיסטע. מען האָט יאַנקעלען געפונען. פעסל דעם שכנס, אַ מויד פון זעקס

יאָר, האָט עס אים צוגעגנבעט און באַהאַלטן אין שפּײַכלער צווישן די האָלץ.

אַז מען האָט אויף איר געשריען, פֿאַרוואָס זי האָט עס געטאָן, האָט זי אַפּילו ניט געוויינט. זי איז נאָר געוואָרן רויט פֿון כּעס און אַ טאָפּע געטאָן מיטן פֿיסל:

— איך וויל אויך האָבן אַ ברודערל! למאַי אַנדערע האָבן?

זי איז טאַקע אַן איין־איינציקע. אָבער זי האָט צוויי זיידעס, צוויי באָבעס און אַן עלטער־באָבע, אַ סך פֿעטערס און מומעס — אַזוי פֿיל קרובים! איז איר נאָך אַלץ קנאַפּ. דאַרף זי נאָך פֿרעמדע ברידערלעך אויך גנבֿענען!



## א וויגליד.

אַליע ליו=ליו, ליו=ליו, ליו.
מאַך די ליבע אייגלעך צו.
היטן דיך, מײַן איינציק קינד,
וועלן אָדלער, זון און ווינט.

אָדלער האָט חרטה גלייך;
זון גייט באָדן זיך אין טייך;
ווינט בענקט נאָך זיין מאַמען שטאַרק —
לאָזט זיך איבער טאָל און באַרג.
פרעגט די מאַמע ביי דעם ווינט:
— ווו געשלעפּט זיך ביז אַצינד?
דריי נעכט דיך ניט אָנגעזען,
ווו ביסטו דאָס אויסגעוועזן?

— „שריי ניט, מאַמע, אויף דיין קינד.
כ'בין שוין איצט אַ גוטער ווינט.
קליינע פייגל שרעק איך ניט,
שיינע קינדער וועק איך ניט."

— ווו געשלעפּט זיך אַזוי לאַנג? —
— „ערגעץ ליגט אַ מאַמע קראַנק.
האָב איך איר דאָס קינד געהיט,
קיינער וועקן זאָל עס ניט"

אַן אָרעמע פרוי האָט געהאַט אַ טאָכטער מאַשע. איז מאַשע אינדערפרי אַרויס נאָך וואַסער און האָט דערזען: לעבן טיר ליגט עפּעס פאַרוויקלט אין שמאַטעס. מאַשע האָט אַוועקגעשטעלט די עמער און פונאַנדערגעוויקלט די שמאַטעס, ערשט עפּעס האָט פון זיי אינעווייניק אַ געשריי געטאָן: אוּ-אַ! אוּ-אַ!

מאַשע האָט זיך אָנגעבויגן און דערזען: אין די שמאַטעס ליגט אַ קינדעלע, אַ קליינטשיקס, אַ רויטינקס. דאָס קינד האָט עס אַזוי געשריען: אוּ-אַ! אוּ-אַ!

האָט מאַשע גענומען דאָס קינד אויף די הענט, אַריינגעטראָגן אין שטוב און געגעבן אים מיט אַ לעפעלע מילך. די מאַמע האָט ביי מאַשען געפרעגט:

— וואָס האָסטו עס געבראַכט?

מאַשע האָט געענטפערט:

— איך האָב געפונען אַ קינד לעבן אונדזער טיר.

די מאַמע האָט געזאָגט:

— מיר זיינען אַזוי אויך אָרעם. ווי וועלן מיר נאָך האָדעווען אַ קינד? איך וועל עס אַוועקטראָגן אין קינדער-הויז, זאָל מען עס ביי אונדז צונעמען.

מאַשע האָט זיך פונאַנדערגעוויינט און געזאָגט:

— מאַמעלע, עס וועט ניט פיל עסן. לאָז עס זיין ביי אונדז. זע, סאַר אַ הענטעלעך און פינגערלעך אין קנייטשן.

די מאַמע האָט אַ בליק געטאָן, און עס איז איר געוואָרן אַ רחמנות. זי האָט איבערגעלאָזן דאָס קינד אין שטוב. מאַשע האָט עס געהאָדעוועט, געוויקלט און געזונגען לידע-לעך, ווען זי האָט עס געלייגט שלאָפן.

## דער שלאָף.

איינס, צוויי, דריי, פיר, —
קינדער קלאַפּן אין מיין טיר.

— קינדער גוטע, קומט אַריין,
וועט איר גוטע געסט דאָ זיין.

און ביי מיר אין קליינעם הויז
אין אַ רעדל זעצט זיך אויס.

זיצט און שווייגט און ביזן סוף
הערט אַ מעשהלע פון שלאָף:

— אַז דער ליבער טאָג פאַרגייט,
און אין מערב-זייט ווערט רויט,

און די זון אין פייער-פלאַם
שלאָפן גייט אין וויטן ים —

דעמאָלט ערגעץ פון דער ערד,
ניט געזען און ניט געהערט,
קומט דער אָוונט שטיל אַרויס
און גייט אום גאַס־איין גאַס־אויס.

איז נאָר ווי און ווו ער גייט,
ווערט אַ פינצטערניש פאַרשפּרייט.

לײַכט אַ לאָמפּ אין יעדן הויז,
זעצן זיך די קינדער אויס

אַרום טיש און ריידן ניט;
עסן, טרינקען, וואָס מען גיט.

און אַ זייגער אויף אַ וואַנט
ציילט זיך טיק־טאַק נאָכאַנאַנד.

און אַז קינדער עסן נאָך,
מאַכט דער שלאָף דערווײַל אַ לאָך

ערגעץ אונטער בעט אין דיל,
שאַרט פון לאָך זיך שטיל־שטיל.

זעט ער: קינדער עסן נאָך —
קריכט ער צוריק אַריין אין לאָך.

זעט ער: קינדער עסן אָפּ,
עסן אָפּ און טרינקען אָפּ —

קריכט דער שלאָף פון לאָך אַרויס,
שאַרט זיך בײַ די װענט פון הויז,

קריכט אין שײַן פון לאָמפּ אַרײַן,
רוימט פון שײַן צו מאַמעס אײַן:

— „האָט איר קינדער קלײנע און שײנע —
איז שוין צײַט זײ שלאָפן גײן״...

זעען מאַמעס, אַז ס'איז שפּעט,
נעמט מען אויסבעטן די בעט.

און די קינדער — גוט און פײַן
לײגן זיך אין בעט אַרײַן,

מאַכן זיך די אײגלעך צו,
שלאָפן אײַן אין גוטער רו.

און אַ זײגער אויף אַ װאַנט
צײלט זיך טיק־טאַק נאָכאַנאַנד.



## שטערן־רענדלעך.

אַמאָל איז געווען אַ קלײַן מײדעלע. פאָטער און מוטער זיינען ביי איר געשטאָרבן. זי איז געווען אַזוי אָרעם, אַז זי האָט ניט געהאַט, ווו צו וווינען און צו שלאָפן. לסוף האָט זי שוין מער גאָרנישט געהאַט ווי די קלײדער אויפן לײַב און אַ קליין שטיקל ברויט, וואָס אַ גוטהאַרציקער מענטש האָט איר געשענקט. איז זי אַזוי געווען איינע אַ פאַרוואָרלאָזטע אויף גאָר דער וועלט. אײנמאָל איז זי אַוועק אין פעלד אַרײַן. באַגעגנט זי אַן אָרעמאַן. זאָגט ער צו איר:

— אָך, איך בין הונגעריק! גיב מיר עפּעס עסן!

דערלאַנגט אים דאָס מײדעלע איר ברויט: עס געזונטערהײט.

און זי גייט ווייטער. קומט אָן אַ קינד. וויינט עס און זאָגט:

— ס׳איז מיר אַזוי קאַלט אין קאָפּ! גיב מיר עפּעס, מיט וואָס דעם קאָפּ צו פאַרדעקן.

האָט דאָס מײדל אויסגעטאָן דאָס טיכל און אַוועקגעגעבן דעם קינד. און זי איז ווייטער געגאַנגען. קומט נאָך אַ קינד אַנטקעגן — אָן אַ לײַבעלע, אַ דערפראָרנס. האָט

אים דאָס מײדעלע איר לײַבל אָפּגעגעבן. אַ ביסל װײטער איז געקומען נאָך אַ קינד אָן אַ קלײדעלע. האָט אים דאָס מײדעלע אירס אַװעקגעשענקט. נאָכדעם איז דאָס מײדעלע אַרײַן אין װאַלד.

עס איז שױן פֿאַרנאַכט געװאָרן. קומט אָן נאָך אַ קינד און בעט אַ העמדעלע. טראַכט דאָס מײדעלע:

— ס׳איז שױן פֿינצטער. קײנער װעט מיך ניט זען. קאָן איך דעם קינד אָפּגעבן מײן העמד.

האָט זי אױסגעטאָן די העמד און אױך אַװעקגעגעבן.

און װי זי שטײט אַזױ, און מער האָט זי שױן גאָרנישט, האָבן פּלוצלונג אױף איר גענומען פֿאַלן די שטערן פֿון הימל, און פֿון די שטערן זײנען געװאָרן בלאַנקע רענדלעך. און אָנשטאָט דער העמד, װאָס זי האָט אַװעקגעשענקט, האָט זי באַקומען אַן אַנדערע, אַ נײע, פֿון פֿײנסטן לײן. האָט דאָס מײדעלע די בלאַנקע רענדלעך אין העמדל צוזאַמענגעקליבן און איז געװאָרן אַ רײַכע.



## די מאמע.

אין פענצטער איז נאָך פינצטער,
עס שלאָפן נאָך די קינדער.
און זי — זי גייט שוין שטילערהייט,
זי ברענגט שוין פרישע מילך און ברויט
פאַר די קליינע קינדער.

און אַלע אויף די גאַסן
פאַרגעסן אָן די קינדער.
נאָר זי — אַ שטילע, היט, באַהיט
פון אַלדאָס ביז די שוואַכע טריט
פון די קליינע קינדער.

אין אָוונט היט דער זייגער.
עס שלאָפן שוין די קינדער,
און זי — זי זיצט זיך שטילערהייט,
זי זיצט, און העמדלעך ווייסע נייט
פאַר די קליינע קינדער.

## בײַם קאַמין.

אין קאַמין דאָס פײַערל דערברענט. רויטע שאָטנס שײַנען אויף די ווענט. וואַרעמט זי בײַם פײַערל די הענט. און דאָס קלײנע קעצל, ווי אַ קנויל, ליגט בײַ אירע פיס און שלאָפט זיך פויל.

אין קאַמין דאָס פײַערל דערברענט. רויטע שאָטנס שײַנען אויף די ווענט. וואַרעמט זי בײַם פײַערל די הענט. און בײַ וואַרעמער און רויטער שײַן שלאָפט זי רויִק, ווי דאָס קעצל, אײַן.



## אין נייעם קלאס.

איך בין הײַנט געווען אין שול. מיר האָבן געלערנט אין אַן אַנדער צימער, שוין ניט אין דעם וואָס פאַראַיאָרן. דאָס איז דער צווייטער קלאַס. אויך אַ גוטער קלאַס. אויפן וואַנט הענגט אַ פּור מיט הײַ.

דאָ פעלן עטלעכע קינדער, וואָס זײַנען מיט אונדז געווען אין ערשטן קלאַס. מײַן חבֿר לייבל, ווײס איך, איז פאַרבליבן אין דעם ערשטן קלאַס נאָך אויף אַ יאָר. ווו זיינען די איבעריקע, ווײס איך ניט. דערפאַר זײַנען צוגעקומען נײַע.

אין צווייטן קלאַס איז די לערערין נחמה. זי האָט מיך געפרעגט.

— ווי רופט מען דיך?

האָבן אַלע קינדער גענומען שרײַען:

— יאָסעלע! יאָסעלע רופט מען אים!

איך האָב אָבער געענטפערט:

— יאָסל ראַבינאָוויטש.

איך בין שוין ניט קײַן קליין ייִנגעלע, איך בין שוין אַ גרויסער. איך גיי שוין אין צווייטן קלאַס.

## אַ קאַראַהאָד.

קינדער, הערט, איר ווילט מיך פאָלגן —
זעט, ווי פריש עס איז דער סאָד!
נעמט זיך אַלע פּאַר די הענטלעך,
לאָמיר גיין אַ קאַראַהאָד!
אָט אַזוי און אָט אַזוי —
לאָמיר גיין אַ קאַראַהאָד!

וואָס זשע שטייסטו, ווי אַ גולם,
בערל, יאָסל, נו — געשווינט!
היי, אַ הייב די פיסלעך, עולם,
אַזש אַ פּאָך טאָן זאָל אַ ווינט!
אָט אַזוי און אָט אַזוי —
אַזש אַ פּאָך טאָן זאָל אַ ווינט!



די לערערין איז אַרײַן אין קלאַס און געשטעלט זיך בײַם טיש. די גאַנצע צייט, וואָס מיר האָבן זיך אײַנגע־זעצט אויף די בענק, האָט זי קיין וואָרט ניט געזאָגט; נאָר געקוקט מיט אַ שמייכל. איך האָב גלייך געזען, אַז דאָס איז ניט קיין פּשוטער שמייכל. מיר האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז זי האָט עפּעס צו זאָגן אַ שיינע זאַך. עס איז געוואָרן שטיל. מיר האָבן געוואַרט, זי זאָל שוין אָנהייבן ריידן. און זי האָט געזאָגט:

— קינדער! אינגיכן ווערט פינף יאָר, זינט אונדזער שול האָט זיך געעפענט. דאָס איז אַ גרויסער יום־טובֿ. ווילן מיר אים פייערן, אַז עס זאָל זײַן פײַן! וואָלט איך וועלן וויסן, וואָס לייגט איר פאָר?

קיינער האָט גאָרנישט געזאָגט, גאָרנישט פאָרגע־לייגט. עס איז געווען אַזוי שטיל. פלוצלינג האָט די קלײַנע זעלדע זיך אָוועקגעשטעלט:

— לערערין! דאָס וועט זײַן דער געבורטסטאָג פון דער שול?

און תּיכף ווי זי האָט דאָס געזאָגט, איז געוואָרן פרײַ־לעך. אַלע האָבן גענומען מאַכן פאָרשלאָגן. עס איז אַפילו געוואָרן טומלדיק, און די לערערין האָט געדאַרפט באַרויִקן.

אָבער ס׳איז געווען גוט. ווי זאָל מען דעם געבורטס־טאָג פון דער שול פײַערן, איז ניט באַשטימט געוואָרן. נאָר דאָס איז קלאָר געווען דערווײַל: מען מוז אויספוצן אונדזער קלאַס לכּבוד דעם יום־טוב.

דאָס ליד פון ליים.

איך זיץ ניט לײַדיק אינדערהיים:
האָב איך צײַט נאָר, נעם איך ליים.
קנעט איך מיר אַ מייזל אויס,
מאַך אַ פייגעלע דערויס.
פון פײגעלע, נישט לאַנג געטראַכט,
ווערט אַ ציגעלע געמאַכט;
און אַ מענטשעלע דערפון!
און—וואָס איך וויל! און אויף דער זון
טריקן איך מײַן אַרבעט אויס:
מענטש און ציג, און קאַץ און מויז —
וואָס איך זע נאָר אויף דער וועלט —
און אין פענצטער אויסגעשטעלט.



דער לערער האָט זיך געווענדט צו אײנעם פֿון די תּלמידים אין קלאַס:

— הײנט, יוסף, ביסטו אין שול, איז דײַן ברודער משה ניטאָ. נעכטן איז געווען משה אין שול — ביסטו ניט געווען. אַלע טאָג לאָזט אײנער פֿון אײַך דורך. דאָס איז ניט גוט.

אי יוסף, אי משה זײַנען בײדע געווען פֿלײסיקע קינ־דער. דעריבער האָט זיך דער לערער שטאַרק געוווּנדערט, וואָס זײ קומען אין שול אַ טאָג איבער אַ טאָג.

— איך וויל וויסן, וואָס איז די סיבה, וואָס איר באַזוכט די שול ניט פּינקטלעך? — האָט דער לערער געפֿרעגט.

— איך קאָן אײַך איצט ניט זאָגן, — האָט יוסף געענט־פֿערט אַ פֿאַרשעמטער.

נאָך דער לעקציע איז ער אַרײַן אין לערער־צימער און האָט דערצײלט:

— איך מיט מײַן ברודער משה האָבן בײדע אײן פּאָר שטיוול, דער טאַטע קאָן קײן צווײטע פּאָר ניט קויפֿן. אָבער גײן אין שול ווילן מיר בײדע. האָבן מיר אַזוי אָפּגעמאַכט: אײן טאָג טו איך אָן די שטיוול און גײ אין שול. דעמאָלט בלײַבט משה זיצן אינדערהײם. דעם צווײטן טאָג טוט משה אָן די שטיוול — זיץ איך אינדערהײם.

## אין עֵדוּת.

אַלע זיינען שוין געזעסן אין קלאַס. עפנט זיך די טיר און בערל קומט אַריין.

לערער. פאַרוואָס האָסטו פאַרשפּעטיקט?

בערל שטייט ביי דער טיר, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און שווייגט.

לערער. וואָס שווייגסטו? קאָנסט ניט דערקלערן?

בערל, ענטפערט אַ צערודערטער: איך בין געגאַנגען אין שול. איז זשוקל נאָכגעלאָפן. האָב איך אים אָפּגעפירט צוריק אַהיים און פאַרשפּעטיקט.

לערער. ווער איז דאָס זשוקל, וואָס איז נאָך דיר נאָכגעלאָפן?

אַלע קינדער: דאָס איז אַ הינטל! ער האָט אַ הינטל אַזאַ, זשוקל!

לערער. האָט דיר דאָס הינטל ניט געלאָזן גיין אין שול? עפּעס מאָדנע.

בערל מאַטערט זיך איינהאַלטן פון געוויין. נאָר ער קאָן ניט, און כליפּעט:

אין דער־זעלביקער רגע דערהערט זיך: מען גראַבלט ביי דער טיר. דער לערער עפנט אויף, אין קלאַס שפּרינגט אַריין

אַ שוואַרץ היבטל, און גלייך צו בערלען, און נעמט אים לעקן. אַלע קוקן, וואָס וועט דער לערער זאָגן:

לערער. אָט דאָס איז זשוקל?

איינער אַ יינגל. יאָ. ער איז געקומען עדות זאָגן.

לערער. אומזיסט האָב איך חושד געווען בערלען.

אלף־בית־לידער.

היינט איז שלומקע געקומען אין שול מיט אַ ניי לידל. ער האָט עס געהערט פון זיין עלטערן ברודער, וואָס לערנט אין אַ חדר. גלייך האָבן מיר דאָס אַלע זיך אויסגעלערנט אויף אויסווייניק. אָט איז עס:

| | |
|---|---|
| א — אַוורעמל, | ט — טייערע, |
| ב — בערל, | י — יאָגט זיי, |
| ג — געגנבעט, | כ — כאַפּט זיי, |
| ד — ביי דוידן, | ל — לייגט זיי, |
| ה — אַ העקעלע, | צ — צופּט זיי, |
| ו — אַ וואָסערע, | ק — קלאַפּט זיי, |
| ז — אַ זילבערנע, | ר — רייסט זיי, |
| ח — חברה! | ש — שמייסט זיי! |

דאָס איז אַלעמען אַזוי געפעלן, אַז מיר האָבן די גאַנצע הפסקה געשריען: אַלף — אַוורעמל! בית — בערל! האָט עס דער לערער דערהערט, און האָט אונדז פאַרגעלייענט פון

אַ בוך אַן אַנדער אַלף=בית=ליד. אין דעם ליד, וואָס שלומקע האָט געבראַכט, פעלן אותיות. אין דעם לערערס זיינען פאַראַן אַלע. אָט איז עס:

אלף, אַלף, בית —
זייט ניט, קינדער, בייז.
זאָגט מיר ווער עס ווייס:

גימל, דלת, הא —
ווו עס וואַקסט דער טיי?
און ווער לייגט אַן איי?

וָו, זַין, חת —
ווען פאַרבליט דער בעז?
פון וואָס מאַכט מען קעז?

טית יוד כף —
ווער היט די שאָף,
ווייס ניט פון קיין שלאָף?

למד, מם, נון —
ווו גייט אויף די זון?
פון וואָס ווערט אַ הון?

סמך, עין, פּא —
ווען צעגייט דער שניי?
און ווו וואַקסט עס היי?

צדיק, קוף, ריש —
זאָגט, ווער ווייס חוץ פליִיש
נאָך אַ גראַם צו ריש?

שין, שׂין, תּו —
דאָס איז שוין דער סוף
פון אַלף און ביז תּו.



איך בין קליין, ווייל איך בין נאָך אַ קליין קינד. און גרויס זיין וועל איך, ווען איך וועל אַלט זיין, ווי מיין טאַטע.

עס וועט קומען מיין לערער און זאָגן:

— עס איז שפעט, ברענג דיינע ביכער און דיין העפט.

וועל איך אים ענטפערן: ווייסט ניט, אַז איך בין אַזוי גרויס, ווי דער פאָטער, און איך דאַרף שוין מער קיין לעקציעס ניט האָבן?

ער וועט זיך וואונדערן, מיין לערער, און זאָגן: „ער קאָן שוין לאָזן צו רו זיינע ביכער, אויב ער וויל. יאָ, ער איז שוין אַ גרויסער!“

איך וועל מיך אָנטאָן און גיין שפאַצירן אויפן יאַריד. מיין פעטער וועט צוגיין צו מיר און זאָגן:

— דו ווערסט, מיין קינד, פאַרבלאָנדזשען. לאָז, וועל איך דיך אַוועקטראָגן אַהיים.

וועל איך ענטפערן: פעטער, זעסט ניט, אַז איך בין שוין אַזוי גרויס, ווי דער פאָטער? איך דאַרף אַליין גיין אויפן יאַריד.

וועט דער פעטער זאָגן: „יאָ, ער איז גערעכט, ער איז שוין אַ גרויסער.“

# מאַרש-ליד.

אײנס, און צווײ,
און דרײַ, און פיר!
וואָס מיר זײַנען —
זײַנען מיר!
כאָטש מיר זײנען
יונג און קלײן,
ווי די העלדן
דאַרף מען גײן.

מאַרש, מאַרש, געגאַנגען
מיט פּויקן און געזאַנגען!
מיר דאַרפן נישט פרעגן,
מיר ווייסן די וועגן!

פינף, און זעקס,
און זיבן, און אַכט.
נישט געוויינט,
און נישט געלאַכט.
נישט געשטאַנען,
נאָר נישט שטײן.
נישט געלאָפן,
גײן, נאָר גײן.

מאַרש, מאַרש, געגאַנגען
מיט פּויקן און געזאַנגען!
מיר דאַרפן נישט פרעגן,
מיר ווייסן די וועגן.

נײַן, און צען,
און עלף, און צוועלף,
טרעפסט אַ פּויער,
זאָג: גאָט העלף!
לויפט אַ פויגל,
זאָג אים: פלי!
טרעפסט אַ בלימל,
זאָג אים: בלי!

מאַרש, מאַרש, געגאַנגען
מיט פּויקן און געזאַנגען!
מיר דאַרפן נישט פרעגן,
מיר ווייסן די וועגן!

פינף ברידער זיינען זיי צוזאַמען, פון איין טאַטן-מאַמען, איינער גרעסער, איינער קלענער, איינער פאַר דעם צווייטן שענער. אַ קורצער און אַ פולער, ווי אַן אָנגעפּעלצטער, איז דער עלטסטער. אָן אַ זייט שטייט ער. העלפן יעדן ברודערל שטענדיק אַ גרייטער.

דער צווייטער איז אַ שטאַלטנער אַזוינער, אַ יונג מיט ביינער. אומעטום לעקט ער, אומעטום שמעקט ער, אומעטום שטעקט ער. אַלץ ווייסט ער, אַלץ ווײַזט ער, אויף אַלץ אַ מײַסטער. נאָר ס׳טרעפט, אַז טינט-פלעקן בלייבן אויף אים נאָכן שרייבן.

דער מיטעלער איז דער גרעסטער. נאָר אַן אַרבעטער ניט דער בעסטער. די מעלה איז, וואָס ער איז אַ הויכער. איז ער אַ גוטער שפּאַנען-מעסטער. אויך אַ וווילער סוחר.

דער פערטער איז אַ ייִנגעלע, וואָס האָט ליב אַ רינגעלע, מיט אַ דימענטל, אַ בריליאַנטל, מיט איין וואָרט: אַ פראַנטל.

דער קלענסטער און דער דינסטער איז דער פינפטער — גאָר אַ קליינינקער. אַרבעט פאַר אַלע ברידער ווייניקער. אַ צאַרטער און אַ שוואַכער. גאָר ניט קיין גרויסער מאַכער.

נאָר ווען אַלע נעמען זיך צוזאַמען, די פינף ברידער פון איין טאַטן-מאַמען, גראָב און דין, און קורץ, און הויך — ברענט ביי זיי די אַרבעט, אַזש עס גייט אַ רויך.

אָט־אָ איז אַ הויכער באַרג, אָט־אָ — נידעריק אַ טאָל. זיצט אַ שוסטער אויפן באַרג מיט אַ האַמער, מיט אַן אָל. קלאַפּט דער שוסטער, קלאַפּט דריי מאָל: איינס, צוויי, דריי — אויפגיך. שטעכט דער שוסטער מיטן אָל — וואַקסן אויס צוויי קליינע שיך.

זאָגט דער שוסטער:

— שיכלעך, גייט!

גייען שיכעלעך אַוועק, ווו די וועלט האָט נאָר אַן עק; גייען שיכעלעך אַרום, ווו דער שוסטער שיקט זיי אום:

— גייט נאָך ברויט!

— מיר זיינען גרייט!

— גייט נאָך זאַלץ!

— אָט־אָ באַלד!

- גייט נאָך כריין!

— אָט־אָ שוין!

איינמאָל נעמען שיכלעך גיין; ביי אַ טויער בלייבן שטיין. קלאַפּט דאָס רעכטע שיכל איינס, קלאַפּט דאָס לינקע שיכל צוויי. עפנט זיך אַ טיר פאַר זיי.

קומען שיכעלעך אַריין, זיצט אַ באָרוועס קינד אַליין. בלייבן שיכלעך דאָרטן שטיין, ווילן שוין צוריק ניט גיין. און דער שוסטער אויפן באַרג — וואַרט און וואַרט, וואַרט און וואַרט...

## דער קליינער קוימענקערער.

### I.

בערל קוימענקערער איז אַוועק אין גאַס זוכן אַרבעט. אינדערהיים איז געבליבן זיין זון אַרעלע מיט דעם געלן קאָטער.

האָט אַרעלע זיך אָנגעטאָן, אין שטיבל צוגעקליבן און דעם קאָטער אַרומגעגלעט — שיין, ציכטיק. גענומען אַ שטיקל ברויט זיך, אַ שטיקל ברויט דעם קאָטער — און פאַרטיק.

דרייט ער זיך אויס צום קאָטער און זאָגט צו אים:

— נאָ, געלער, וואָס זאָלן מיר עפּעס איצט טאָן?

קוקט דער קאָטער אים אָן, באַלעקט זיך און דערלאַנגט אַ שפּרונג אויפן פריפּעטשיק.

פאַלט אַרעלען איין: טאַקע, לאָמיך אויסרייניקן דעם קוימען, פאַרשפּאָרן דעם טאַטן אַן אַרבעט.

באַלד טאַקע האָט ער אויפגעזוכט דעם בעזים, צוגע־בונדן מיט אַ האַנטעך צו אַ לאַנגן שטעקן — און האָפּ! גלייך מיטן קאָטער אויפן פריפּעטשיק. זיי האָבן ביידע די קעפּ אויפגעהויבן און אַריינגעקוקט אין שוואַרצן קוימען אַריין.

דערנאָך האָט אַרעלע אַריינגערוקט דעם בעזים אין קוימען און מיטאַמאָל אַ ריב געטאָן אויף און אָפּ — אָך! אַז ס׳האָט זיך אויף זיי אַ לאָז געטאָן אַ סאַזשע — אויף די קעפּ, אויף די פּנימער!

דער קאָטער האָט זיך באַלד אָפּגעטראָגן, ברוגז געמאַכט בררר, ברר. מיט די לאַפּקעס זיך די אויגן געריבן, געדרייט זיך, געטרייסלט פון זיך דעם שוואַרצן שטויב.

נאָר אַרעלע איז ניט אַראָפּ פון פּריפּעטשיק. ער האָט זיך אויף די קני אַוועקגעשטעלט, מיט איין הענטל די אויגן געריבן און מיטן צווייטן אַלץ געפירט מיטן בעזים אין שוואַרצן קוימען — אויף און אָפּ, אויף און אָפּ.

ווען אַרעלע איז פון פּריפּעטשיק אַראָפּ, האָט ער זיך פאַרוווּנדערט:

— איך, ווי אַ רוח, דער קאָטער — ווי אַ טאָטער: .

.II

האָט זיך די טיר דערווייל געטאָן אַן עפן אויף, און אַ מיידעלע איז אַריין. צום אָנהייב האָט זי פאַרמאַכט די אייגלעך צוליב דעם סאַזשע־שטויב, וואָס איז געווען פול די שטוב. דערנאָך האָט זי זיי געעפנט, דערזען אַרעלען און דערשראָקן זיך פאַר אים — אַזוי האָט ער אויסגעזען: פאַר־שאַרטע אַרבל, שוואַרצע הענט, און פון שוואַרצן פּנים נאָר צוויי ווייסע אויגן־פּייערלעך בליצן.

אַז דאָס מיידעלע האָט שוין פאַרשטאַנען, וואָס דאָ טוט זיך, האָט זי זיך צעלאַכט: וואָס ביסטו אַזוי אײַנגעשמירט?

— כ'האָב אונדזער קוימען געריייניקט. אָט, גיי צו, וועסטו זען.

— אוי, ווי שיין דו זעסט אויס! זאָג, איך האָב קיין צייט ניט, ווו איז דיין טאַטע? מען דאַרף ביי אונדז אויס־קערן דעם קוימען.

— מיין טאַטע איז אַוועק אין גאַס. איך קען גיין.

— ביי אונדז דאַרף מען קערן פון דאַך. דו וועסט ניט אַראָפּפאַלן? ביי אונדז איז זייער אַ הויכער דאַך.

— נאָ, אַ גרויסער קונץ. מיין טאַטע קריכט אויף די העכסטע דעכער, און איך קען שוין אויך.

אַרעלע האָט אַ נעם געטאָן דעם בעזים, אויפגעזוכט אַ געוויכטל מיט אַ שטריק און זאָגט:

— נו, קום.

דאָס מיידעלע איז אַרויס, נאָך איר — אַרעלע, נאָך אַרעלען — דער קאָטער.

## III.

קומען זיי צום מיידלס הויז, ווייזט זי אים:

— זעסט, ווי הויך ס'איז? וועסטו קענען?

אַרעלע ענטפערט אַפילו ניט און נעמט זיך קריכן אויפן לייטער.

— קיצי! קיצי! קיצי! — רופט ער.

און דער קאָטער קריכט אים נאָך.

אינמיטן שטעלט ער זיך אָפּ, קוקט אַרויף, אַראָפּ; ווערט עטוואָס צעטראָגן, דערשרעקט זיך אַ ביסל און לאָזט דעם קאָטער אויף פריער.

דער געלער טוט לעבעדיק אַ פלי אַרויף. אַרעלע ווערט ביי זיך פעסטער. ער קריכט העכער, העכער, אַ שטאַפּל נאָך אַ שטאַפּל. מיט די הענטלעך, ווי מיט שטאָלענע צווענגלעך, כאַפּט ער זיך פאַר זיי אָן—און אויפן דאַך אַרויף.

קינדער האָבן זיך צונויפגעקליבן, פאַררייסן די קעפּ אַרויף און קוקן. איין ייִנגל שרייט:

— אָט פאַלסטו אַראָפּ, אָט!

אַ צווייטער שרייט:

— אַרעלע! גיין אַראָפּנעמען דיך?

אַ דריטער שרייט:

— אַרעלע־באַרעלע! ביסט אַ נאַרעלע!

נאָר אַרעלע האָט אויף אַלע פיר אַרויפגעקלעטערט צום קוימען. מיט אים דער קאָטער, וואָס טראָגט אויפן האַלדז די שטריק. ער האָט פאַרקאַטשעט די אַרבל, גענומען זיך פאַר דער אַרבעט. דער בעזים האָט פריילעך געטאַנצט אויף און אָפּ, אויף און אָפּ.

פליצלונג האָט אַרעלע דערפילט, ווי עמעצער האָט אים אַרומגענומען פון הינטן. דאָס איז געווען זיין טאַטע.

— אָט אַזוי! אַ ווויִלער זון! — האָט דער טאַטע געזאָגט. — דו פאַרשפּאָרסט מיר שוין די אַרבעט. אַז דו וועסט אויסוואַקסן, וועסטו מיר שוין אינגאַנצן פאַרשפּאָרן, און איך וועל גאָר רוען.

און די קאַץ האָט אויפן ראַנד פון קוימען אויסגעדרייט דעם רוקן, ווי אַ בייגל:

— מיאַו, יאָ, אַוודאי.

---

## ר ע ט ע נ י ש ן.

אַזאַ פּאַנע, אַזאַ פאַנע
זיצט אויפן דאַך,
און רויכערט אַ ליולקע.

---

דרייט זיך אַרום, דרייט זיך אַרום,
און שטעלט זיך אין ווינקעלע.

---

וואָס פאַר אַ לעפל איז אָן אַ שטיל,
וואָס פאַר אַ מילנער איז אָן אַ מיל?

# דער פעטער איטשע.

ס׳האָט זיך פעטער איטשע
אויסגעלערנט שניידעריי.
מאַכט ער אַלטע סערמיגעס,
פונקט ווי שפּאָגל־ניי.
מאַכט ער אַלטע סערמיגעס,
פונקט ווי שפּאָגל ניי.

קומט ער אין אַ דערפל אָן
מיט דעם נאָדל־פּאָדים,
הענגט ער אויס אַ וויוועסקע: *)
„דאָ פאַרריכט מען בגדים.״
הענגט ער אויס אַ וויוועסקע:
„דאָ פאַרריכט מען בגדים.״

זיצט דער פעטער אויפן טיש
טערקיש־תּמעוואַטע,
טרענט, און ניצעוועט, און לייגט
אַ לאַטע אויף אַ לאַטע.
טרענט, און ניצעוועט, און לייגט
אַ לאַטע אויף אַ לאַטע.

אויסגעלאַטעוועט איין דאָרף,
גייט ער אין אַ צווייטן,
ביז ער לאָזט אַרויס פון האַנט
דעם געגנט אַ באַנייטן.
ביז ער לאָזט אַרויס פון האַנט
דעם געגנט אַ באַנייטז

ס׳האָט זיך פעטער איטשע
אויסגעלערנט שניידעריי.
מאַכט ער אַלטע סערמיגעס,
פונקט ווי שפּאָגל־ניי.
מאַכט ער אַלטע סערמיגעס,
פונקט ווי שפּאָגל־ניי.

*) אַ וויוועסקע — אַ שילד.

דער מייסטער.

I.

ביי בערע-לייב דעם שמיד איז געווען אַ לערן-ייִנגל, יודל. איז יודל פון באַגינען ביז זון-אונטערגאַנג געשטאַנען מיטן באַלעבאָס ביי דער אַרבעט. יודל האָט געצויגן דאָס הענטל פון בלאָז-זאַק, און אַז דאָס אַייזן האָט אָנגעהויבן גליען, האָט עס בערע-לייב געדרייט מיט דער צוואַנג אויף דער קאָוואַדלע, און יודל האָט געשלאָגן מיטן גרויסן האַמער.

יודלען האָט זיך שוין געוואָלט טאָן אַן אַרבעט אַליין, נאָר בערע-לייב האָט אים ניט צוגעלאָזן.

— פריער קוק זיך צו, דערנאָך וועל איך דיך צולאָזן מיט דער צוואַנג צום אַייזן.

יודל האָט געשוויגן, און אין האַרצן האָט ער געטראַכט, אַז ער קאָן אַזוי די אַרבעט, ווי בערע-לייב, און אפשר נאָך בעסער. בערע-לייב צירקלט שוין צופיל און איז אַ גרויסער מאַרודניק.

— אָט אַז איך וואָלט מיך געשטעלט ביי דער קאָוואַדלע, וואָלט ער שוין זען, וואָס יודל קאָן!

מאַכט זיך אַמאָל, אַז בערע-לייב איז אַוועקגעפאָרן קויפן אַייזן. האָט יודל ניט לאַנג געטראַכט, געעפנט די קוזניע, פונאַנדערגעלייגט אַ פייער, געכאַפּט אַ גרויסן שטיק אַייזן און אַריינגעשטעקט עס אין גלי-אויוון. ער האָט זיך

אַרומגעבונדן מיטן רימענעם פאַרטעך און גענומען ציִען דאָס הענטל פונם בלאָז-זאַק.

דאָס הענטל סקריפּעט: ניטע, ניטע, קענסט ניט, נעם זיך ניט. אָבער יודל פלאַמט פון פרייד. ער וועט אויסשמידן אַ זאַך, וואָס וועט שוין זיין איינמאָל אַ זאַך!

## II.

וואָס אָבער זאָל עס זיין? — טראַכט יודל.

און דער שטערן שוויצט ביי אים, און די אויגן פינקלען.

— אַהאַ, איך ווייס! איך וועל מאַכן אַן אַקעראַייזן. ס'איז אַ גוטער איינפאַל.

ער האָט פלינק אַרויסגעכאַפּט מיט דער צוואַנג דאָס גליענדיקע אַייזן, אַרויפגעלייגט אויף דער קאָוואַדלע און גענומען האַקן מיטן האַמער. אַ פייערדיקער האָגל האָט גענומען שפּריצן אין אַלע זייטן. יודל קוועלט און זינגט אונטער דער נאָז:

אי, האמערל, קלאַפּ!
אי, אייזנדל, שריי!
אי, יודעלע קלאַפּ!
די צייט גייט פאַרביי.
דאָס אייזנדל גליט.
שמיד, יודעלע, שמיד!

גייט זיך פאַרביי אַ היפּש ביסל צייט, און פון אַן אַקער-אַייזן איז נאָך קיין סימן ניטאָ.

— ע, — טראַכט יודל, — קענטיק נאָך ווײַניק געקלאַפּט.

הייבט יודל אָן צו האַמערן אַזוי, אַז אין גאַנצן דאָרף זיינען די טעפּ צעפּאַלן פון די פּאָליצעס. ער אָבער האַמערט און האַמערט.

האָט זיך דאָס אַייזן אויסגעצויגן, ווי אַ בלאַט לאָקשן.

.III

זאָגט יודל: אויב אַזוי, מאַכט מיר אויך ניט אויס! איך וועל פון דעם בלאַט מאַכן אַ האַקמעסער. אויך אַ רעכטע כלי.

נעמט ער אין דער לינקער האַנט דעם האַמער מיטן שאַרפן קאַנט. ער וויל דאָס אַייזן אַרומשניידן, עס זאָל אויסקומען האַלבקײַלעכיק, ווי אַ האַקמעסער דאַרף צו זײַן. טרעפט ער ניט צו דער מאָס. רַק ער האַקט אָפּ צו גרויסע שטיקער, מאַכט שפּיצן. וויל ער פאַרגלייכן, און האַקט ווײַטער.

גיט יודל אַ קוק: עס איז שוין ניטאָ מער, וואָס צו האַקן. אויף דער קאָוואַדלע איז געבליבן גאָר אַ קליין שטיקעלע אַייזן. טראַכט ער זיך:

איך דאַרף אויף כפּרות אַ האַקמעסער. איך וועל בעסער מאַכן אַ מעסערל. אַ פיין מעסערל, עס זאָל בלאַנקען, ווי אַ שפּיגל!

## .IV

שרויפּט יודל אַיין דאָס איבערגעבליבענע שטיקל אַייזן אין וואַרשטאַט און נעמט עס פּיַילן מיט אַ פּיַיל.

דער פייל ראַצט און גרילצט און יודל זינגט זיך אונטער דער נאָז.

גראַבל, גראַבל, פּיילכעלע,
שלייף מיר אויס אַ מעסערל,
בלאַנקען זאָל דאָס קלינגעלע,
שפּיגלען ווי אַ וועסערל.

אָבער דאָס מעסערל וויל ניט בלאַנקען, כאָטש צערייס זיך. ווייל אַ מעסער מאַכט מען פון שטאָל, דעמאָלט קאָן עס בלאַנקען. יודל וויל אָבער דערפון ניט וויסן. שמירט ער מיט דער פייל אַהין און אַהער. דער וואַרשטאַט וויגט זיך אונטער אים, דאָס שטיקל אַייזן קוויטשעט: קריינעלעך! וואָס וויל ער פון מיר האָבן?

און יודל פּיַילט אַלץ. ער פּיַילט אַזוי לאַנג, ביז עס איז שוין ניטאָ, וואָס צו פיילן. קופּקעלעך אַייזן-שטויב זיינען נאָר געבליבן אויפן וואַרשטאַט.

שטייט יודל און קוועלט:

— זעט נאָר! סאַר אַ שיַינע קופּקעלעך איך האָב געמאַכט! אַי, יודל, ביסטו אַ מייסטער!

ניט אַזוי לײַכט טוט זיך ווי עס רעדט זיך.

אונדזער קלאַס איז געגאַנגען אויף דער ציגל-פֿאַבריק אונטער דער שטאָט. מיר האָבן געזען, ווי מען האָט דעם ליים געקנאָטן, גערייניקט, נאָכדעם געלייגט אין פֿאָרמעס — אין אַזעלכע פּירקאַנטיקע לענגלעכע קעסטעלעך, און עס זײַנען אַרויס ציגעלעך. די נאַסע ציגל טריקנט מען אונטער אַזעלכע דעכער, וואָס הענגען אויף סלופּעס. נאָכדעם ברענט מען זיי.

אַז איך האָב מיך צוגעקוקט צו דער אַרבעט, האָב איך געזאָגט: איך וואָלט עס אויך געקאָנט. דאָס האָט דערהערט אַן אַרבעטער. זאָגט ער צו מיר: — רעכט, נאַ דיר די פֿאָרמע, פּרוּוו זיך. איך האָב גענומען לייגן דעם ליים אין דער פֿאָרמע, אָבער ער האָט זיך מיר געקלעפּט צו די הענט. קוים וואָס איך האָב די פֿאָרמע אָנגעפּילט. און אַז איך האָב זי אויסגעטרייסלט, איז אַרויס ניט קיין ציגל, נאָר עפּעס אַזוי אַ שטיק ליים.

— ע, — האָט דער אַרבעטער צו מיר געזאָגט. — צו לאַנג געדויערט עס בײַ דיר. מען קאָן זיך גוט אויסשלאָפֿן ביז דו וועסט מיר מאַכן אַ ציגל. זע, ווי מען דאַרף אַרבעטן!

ער האָט דערלאַנגט אַ שטעק די פֿאָרמע אין ליים אַרײַן, געטאָן אַ שאַר מיט דער האַנט, אַ קלאַפּ — און שוין: אַרויס אַ פֿיינער פּירקאַנטיקער ציגל. דאָס האָט געדויערט איין רגע.

די חברים, וואָס האָבן עס געזען, האָבן פון מיר געלאַכט. איך האָב מיך פאַרשעמט. די חברים מיינען, אַז איך בין אַ באַרימער. אָבער איך האָב מיך גאָר ניט געוואָלט באַרימען. איך האָב טאַקע באמת געמיינט, אַז איך וועל אויך קענען. ווען איך האָב געקוקט פון דער זייט, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז מאַכן אַ ציגל איז גאָר קיין קונץ ניט.

ד ע ר  נ א כ ט-ו ו ע כ ט ע ר.

שפּעט. די נאַכט איז קאַלט און פינסטער.
נעפּלדיק און נאַס;
אין די הייזער רוען אַלע.
טויט און שטום אין גאַס.

עלנט שלעפּט זיך נאָר דער וועכטער
אויף דער גאַס אַרום.
אין די שטילע הייזער קוקט ער
טרויעריק און שטום.

דאָרט אין ווייכן וואַרעם בעטל
שלאָפט זיך אַזוי גוט!
אוי, ווי וואָלטן זיינע ביינער
דאָרט זיך אויסגערוט!

גאַנץ פרי האָט זיך אויסגעשטעלט אַ יאַריד אין שטעטל. וויבאַלד אַ יאַריד, מוז איך דאָרטן זיין. איך האָב ליב אַ יאַריד דאָס חיות. יידן לויפן אַרום, ווי פאַרסמטע מייז, שוויצן, רייסן די פויערים פאַר די פּאָלעס. די גויים האָבן צייט, זיי גייען דווקא פּאַוואָלי, די היטלען אַרויף, קראַצן זיך, דינגען זיך. איך זאָג אַייך: מען דאַרף ניט קיין טעאַטער!

שענער פון אַלץ איז אויפן פערד־מאַרק. דאָרט קויפט מען און מען פאַרקויפט פערד. דאָרט זעט איר פערד, ציגיינער, יידן. פריצים קנאַקן מיט בייטשן, און פערדלעך לויפן אַהין און אַהער פויל אויסן בויגן. איך האָב ליב צו קוקן, ווי פערדלעך לויפן, און ווער שמועסט נאָך לאָשעקלעך.

די פערד לויפן, די לאָשעקלעך לויפן נאָך די פערד, איך לויף נאָך די לאָשעקלעך. אַלע לויפן מיר. אויף לויפן בין איך אַ פייער. איך האָב זייער גרינגע פיס. דערצו גיי איך באָרוועס און זייער לייכט אָנגעטאָן: אַ העמדל, הויזן און פונאויבן אַן אַרבע־כנפות־ל. אַז איך לויף אַראָפּ־באַרג, און ס׳איז אַ ווינטל, און די ציצית צעלאָזן זיך, — מאָלט זיך מיר אויס, אַז איך האָב פליגל און איך פלי.

איך האָב ליב אַ יאַריד, דאָס חיות!

# קויפט, קויפט, קונים!

קויפט, קויפט, קונים!
איך האָב אַייך צו פאַרקויפן:
אַ פערדעלע, אַ וועגעלע
אויף רייטן און אויף לויפן.

פּאַיאַצעלעך און שמענדריקלעך
מיט קאָלפּאַקלעך און גלעקלעך,
מיט רויטע, געלע הייזעלעך,
מיט אָנגעפאַרבטע בעקלעך.

קויפט, קויפט, קונים!
מיר וועלן זיך נישט דינגען.
כ׳האָב מענטשעלעך, פּאַיאַצעלעך,
וואָס ברעכן זיך און שפּרינגען.

כ׳האָב פערדעלעך און צימבעלעך,
כ׳האָב פּויקן און טרומייטן.
איר קריגט זיי ניט אין ערגעץ ניט
אין גאַנצער שטאָט אין קלייטן.

טאָ קומט, קומט, קונים,
באַקאַנטשאַפט מיט מיר מאַכן!
כ׳האָב צאַצקעלעך און שפּילעכלעך
און אַלע גוטע זאַכן.



אונדזער קוואַס, וואָס מיין ברודער אליהו מאַכט, איז ניט קיין בוטל־קוואַס. ווי אַזוי ער ווערט געמאַכט, קאָן איך אייך ניט זאָגן. מיין ברודער אליהו לאָזט קיינעם ניט צו, בשעת ער מאַכט אים. אַז ער גיסט וואַסער, זעען אַלע. נאָר אַז ער האַלט אין רעכטן מאַכן, פאַרשליסט ער זיך אין דער מאַמעס אַלקער. נישט איך, נישט די מאַמע, נישט מיין שוועגערין ברכה,—קיינער האָט נישט די זכיה צו זיין דער־ביי. נאָר אויב איר זאָגט מיר צו, אַז ס'וועט זיין אַ סוד, קאָן איך אייך זאָגן, וואָס אין דעם געטראַנק געפינט זיך: וואַסער מער פון אַלצדינג. וואָס מער וואַסער — מער קוואַס.

געמאַכט דאָס ערשטע פעסל קוואַס, איז געבליבן, אַז אַרויסטראָגן פאַרקויפן אים אויף דער גאַס זאָל איך. מיין ברודער אליהו האָט גענומען מיך לערנען, ווי אַזוי איך זאָל טאָן: דעם קרוג זאָל איך האַלטן אין איין האַנט אויף אַ שטריקל, דאָס גלאָז אין דער אַנדער האַנט, און כדי דער עולם זאָל זיך אָפּשטעלן, זאָל איך זינגען הויך און מיט אַ ניגון אָט אַזוי:

ייִדן, אַ געטראַנק!
אַ קאָפּיקע אַ גלאָז!
קאַלט און זיס —
אַ דערקוויקעניש!

אַ קול האָב איך אַ שיינס. האָב איך געגעבן אַ זונג אַרויס אויף אַ קול:

זיסער קוואַס אַ גלאָז!
אַ קאָפּיקע אַ ייד!
אַ קוויק און אַ קאַלט. —
אַ דערטרינקעניש!

איך ווייס ניט: צי מיין געזאַנג איז אַזוי געפעלן געוואָרן, צי דאָס געטראַנק איז טאַקע געווען אַזוי גוט. איך האָב דעם ערשטן קרוג אויספאַרקויפט אין איין האַלבער שעה. מיין ברודער אליהו האָט מיר באַלד אָנגעגאָסן אַ פרישן קרוג. איך לויף, נאָך מיר לויפן נאָך ייִנגלעך, שקצים. זיי קרימען איבער, ווי איך זינג. איך הער זיי אָבער מיטן קאָטער. איך זע, וואָס גיכער אויסברענגען דעם קרוג, און לויפן אַהיים נעמען נאָך אַ קרוג.



איך האָב געבעטן די מאַמען:

— קויף מיר, מאַמע, אַ פּאָר קאַלאָשן.

האָט מיר די מאַמע אַזוי געענטפערט:

— אַז דער טאַטע וועט קריגן אַרבעט, וועל איך דיר קויפן.

איך האָב געבעטן מײַן טאַטן:

— טאַטע, מען דאַרף באַצאָלן אין שול.

האָט מיר דער טאַטע געענטפערט:

— אַז איך וועל אָנהייבן אַרבעטן, וועל איך שויז באַצאָלן.

מײַן שוועסטערל דבורה האָט געוויינט. האָב איך איר געזאָגט:

— דבורהלע, אַז דער טאַטע וועט קריגן אַרבעט, וועל איך דיר קויפן אַ שאָקאָלאַדע אַ גרויסע.

האָט דבורהלע געפרעגט:

— פאַרוואָס האָט דער טאַטע קיין אַרבעט ניט?

איך האָב ניט געוווסט.

## א בּריוו.

הײַנט האָט אונדז די לערערין דערצײַלט וועגן אַ ייִנגל, וואָס האָט געשיקט אַ בּריוו צו זײַן זיידן.

דאָס ייִנגל האָט מען גערופן וואַניע. קיין טאַטן־מאַמען האָט ער ניט געהאַט. געהאָדעוועט זיך בײַ זײַן זיידן. דער זיידע האָט געוווינט אין דאָרף. ער איז געווען אַ שומר. ער האָט געוואָלט, וואַניע זאָל זײַן אַ בּאַלמעלאָכע. האָט ער אים אַוועקגעגעבן אין שטאָט אַרײַן צו אַ שוסטער. וואַניע האָט זייער ליב געהאַט דעם זיידן, דעם דאָרף, דעם זיידנס הונט פילקע. אין שטאָט איז ער געווען בײַ אַ בּײַזן בּאַלעבּאָס, אײַנער אַלײן. האָט ער שרעקלעך געבּענקט. ער האָט בײַ־נאַכט ניט געקענט שלאָפן פון בּענקשאַפט.

אײַנמאָל איז וואַניען געוואָרן זייער ביטער, ער האָט בּאַשלאָסן אָנשרײַבּן אַ בּריוו צום זיידן, בּעטן אים, ער זאָל אים צוריק נעמען צו זיך. ער האָט געקראָגן אַ בויגן פּאַפּיר מיט אַ קאָנווערט און שרײַבּן האָט ער אַ ביסל געקענט פון דער היים. האָט ער זיך געזעצט בּײַנאַכט, ווען אַלע זײַנען געשלאָפן, און האָט אָנגעשריבּן:

טײַערער זיידע! מיר איז אין שטאָט ביטער. מיר איז נמאס דאָס לעבּן. ראַטעווע מיך, נעם מיך צו פונדאַנען צו־

ריק צו דיר. איך וועל דיך פאָלגן אין פײַער און אין וואַסער. איך וועל פיטערן די טשערעדע. ווען איך וועל אויסוואַקסן, וועסטו אַ גאַנצן טאָג ליגן אויפן אויוון און איך וועל דיר געבן עסן. נאָר לאָז מיך דאָ ניט. און איך גערים דיר זײַער האַרצלעך. און איך גערים האַרצלעך אַלע שכנים. און וואָס מאַכט דער הונט פּילקע? פון מיר דײַן אייניקל וואַניע.

ער האָט דעם בריוו אַרײַנגעלייגט אין קאָנווערט און אָנגעשריבן אויפן קאָנווערט: אין דאָרף אַרײַן, צו מײַן ליבן זיידן. און האָט דעם בריוו אַראָפּגעלאָזן אין פּאָסטקאַסטן.

עטלעכע ייִנגלעך האָבן געלאַכט דערפון, וואָס וואַניע האָט ניט געוווּסט, ווי מען דאַרף שרײַבן אַן אַדרעס. אַנדערע איז אויך אים געווען אַ רחמנות. מיר אויך.



נעכטן זיינען מיר אַלע אַרויסגעלאָפן פון הויף — אַלע קינדער פון אַלע קלאַסן.

מיר האָבן דערהערט, ווי עס קלינגט — גיך־גיך, און הויך.

און רעדער טראַסקען איבערן ברוק.

מיר האָבן געזען, ווי די פייערלעשער פאָרן. די פערד לויפן משוגענערווייז. און עס קלינגט און קלינגט.

איינער שטייט אויף אַ וואָגן מיט אַ גלאָק און קלינגט. דער גלאָק איז גרעסער, איידער דער גלאָק פון אונדזער שול. אונדזער גלאָק איז אַ געלער. דער גלאָק איז אַ ווייסער.

פולע פורן מיט פייערלעשער אין מעשענע היטלען און מיט מעשענע דאַשקעס פון פאָרנט און פון הינטן.

און אויף די פורן — לייטערס און קישקעס. הינטער זיי — פורן מיט פעסלעך. אין די פעסלעך — וואַסער. דאָס וואַסער איז צום לעשן דאָס פייער.

איך וואָלט געוואָלט זיין אַ פייערלעשער מיט אַ האַק!

— ווו ברענט עס?

— ווו איז דאָס פייער?

אַזוי האָבן אַלע געפרעגט, און קיינער האָט ניט געוווסט.

יינגלעך זיינען נאָכגעלאָפן.

קיינער ווייס ניט, ווו עס ברענט. נאָר די פייערלע־שער ווייסן.

פון וואַנען האָבן זיי עס געוווסט?

מאָטל דעם חזנס דערציילט, ווי ער איז געפאָרן אויף דער באַן.

מאָטל דעם חזנס איז געפאָרן קיין אַמעריקע מיט דער מאַמען און מיטן ברודער אליהו און מיט דער שוועגערין ברכה און מיטן ברודערס חבר פּיני און מיט פּיניס ווייב טייבל. דערציילט מאָטל, ווי אַזוי זיי זיינען אַלע געפאָרן אין וואַגאָן.

די מאַמע האָט זיך אומזיסט געזאָרגט: אויף וואָס וועלן מיר שלאָפן, וויבאַלד אַז מען האָט דאָס בעטגעוואַנט אַוועקגעגעבן אין באַגאַזש. איך בין אַייך שוין מוחל דאָס שלאָפן. איך וואָלט אַ בעלן געווען, ס׳זאָל כאָטשי זיין, ווו צו זיצן. ווי אויף צו להכעיס איז אין וואַגאָן אַזוי ענג, אַז מען קאָן דערשטיקט ווערן. חוץ אונדז פאָרן נאָך אַ סך פאַרשוינען, יידן און קריסטן, און מען שלאָגט זיך פאַר די ערטער. איבערן בעטגעוואַנט, וואָס מען האָט געמוזט אַוועקגעבן אין באַגאַזש, האָבן מיר פאַרשפּעטיקט אַלע בעסטע ערטער. מיר האָבן קוים באַזעצט די ווייבער מיט די פּעקלעך אויף דער ערד. די מאַמע אין איין זייט וואַגאָן, ברכה און טייבל אין דער אַנדער זייט וואַגאָן. אַז זיי ווילן ריידן, מוזן זיי שרייען הויך איבערן גאַנצן וואַגאָן. לאַכט מען פון זיי. מיין ברודער אליהו און אונדזער חבר פּיני זיינען געבליבן הענגען, ווי

אינדערלופטן, נ[illegible]ט אַהין און ניט אַהער. און איך? פאַר מיר זאָרגט אַייך ניט. מיר איז גוט. מיר איז אויסגעצייכנט. מען קוועטשט מיך פון אַלע זייטן. איך שטיי אָבער בײַ אַ פענסטער. דאָס, וואָס איך זע, האָט איר געוויס קיינמאָל ניט געזען. פאַרבײַ מײַנע אויגן פליען שטיבער, וויאָרסטן, ביימער, מענטשן, פעלדער, וועלדער — און ווי אַזוי פליט די באַן! און ווי אַזוי קלאַפּן די רעדער! ווי אַזוי טראַסקעט דאָס! ווי אַזוי פּייפט דאָס! ווי אַזוי קוויטשעט דאָס!

די מאַמע האָט מורא, איך זאָל ניט אַרויספאַלן דורכן פענסטער, שרייט זי אַלע מינוט אויף אַ קול:

— מאָטל! מאָטל!

זי הערט ניט אויף צו שרייען:

— מאָטל! מאָטל!



עס דערהערט זיך אַ פייף פון קאָנדוקטאָר. דער לאָקאָמאָטיוו ענטפערט מיט אַ פייף.

אָט טוט ער זיך פּאַמעלעך אַ ריר און הייבט אָן סאָפּענדיק צו ריידן מיט די וואַגאָנעס: אַך, ווי שווער! אַך, ווי שווער! אַך, ווי שווער!

און די וואַגאָנעס ענטפערן אים:

— נו, איז וואָס? נו, איז וואָס? נו, איז וואָס?

דער לאָקאָמאָטיוו הייבט אָן גיין גיכער, און שוין פרייליכער צו ריידן מיט די וואַגאָנעס:

— אַך, הייס געווען! אַך, הייס געווען!

נאָר די וואַגאָנעס קלאַפּן בייז: — אונדז איז ניט קיין דאגה! אונדז איז ניט קיין דאגה! אונדז איז ניט קיין דאגה!

דער לאָקאָמאָטיוו איז אַרויף אויף דער בריק, האָט זיך זייער דערשראָקן און אָנגעהויבן קרעכצען:

— אוי, ווי שרעקלעך! אוי, ווי שרעקלעך! אוי, ווי שרעקלעך!

און אז ער איז שוין די בריק אַריבערגעגאַנגען, האָט ער זיך שוין באַרויִקט און אָנגעהויבן שטיל צו שעפּטשען:

— איצט איז גוט! איצט איז גוט! איצט איז גוט!

## קלעזמער.

מיט דעם סמיטשיק אויפן באַס
שפּילט אַ בער אינמיטן גאַס:
בו בו בו! בו בו בו!

פויקט אַ העלפאַנד — טרעפט מיט וואָס?
אין אַ פּייקל מיט דער נאָז:
בים בים באָם! בים בים באָם!

מיט די טאַצן קלינגט אַ קאַץ,
פריילעך רייבט זי טאַץ אָן טאַץ:
טשים טשים טשאָם! טשים טשים טשאָם!

אויף אַ פּייפל שפּילט אַ גריל,
זאָל גיין טאַנצן ווער עס וויל:
צריל צריל צריל! צריל צריל צריל!



# אַ מעשה מיט אַ שטיינדל אַ באַרימערל.

אַ שווערער וואָגן איז דורכגעפאָרן איבערן גאַס און אַרויסגעריסן אַ שטיינדל פון ברוק.

— אָהאָ, — האָט זיך דאָס שטיינדל גענומען באַרימען. — מיר האָט זיך געוואָלט אַרויס פון דער קלעם, בין איך אַרויס.

איז צוגעלאָפן אַ ייִנגל און אויפגעהויבן דעם שטיינדל אינדערהייך. מאַכט דאָס שטיינדל:

— זעט איר: מיר ווילט זיך ניט וואַלגערן אויף דער ערד, האָב איך מיך אויפגעהויבן.

נעמט דער ייִנגל און טוט דאָס שטיינדל אַ שליידער. מאַכט דאָס שטיינדל:

— איך אַליין פלי עס, איך האָב ליב צו פליען אינ־דערלופטן.

האָט דאָס שטיינדל זיך דערלאַנגט אַ זעץ אין אַ שויב. האָט די שויב דערלאַנגט אַ גרילץ מיט כעס, אָבער דאָס שטיינדל האָט אויף איר גענומען שרייען:

— וואָס שטייסטו אין וועג? קענסט זיך ניט אָפּרוקן אָן אַ זייט? איך האָב פיינט, אַז מען שטערט מיר.

דורך דער צעבראָכענער שויב איז דאָס שטיינדל אַרײַנ־
געפאַלן אין שטוב און געבליבן ליגן אויף אַ בעט. קוקט עס
זיך אַרום און זאָגט:

— נו, געוויס, פריער האָט זיך מיר געגלוסט צו פליען.
איצט בין איך מיד, וויל איך מיך אַ ביסל אויסרוען אויף
אַ פערענע.

דערווייל איז געקומען די באַלעבאָסטע און האָט דאָס
שטיינדל אַרויסגעוואָרפן אין דרויסן אויפן ברוק. מאַכט דאָס
שטיינדל צו די חברים:

— וואָס מאַכט איר, טייערינקע! איך בין געווען אין
אַ פּאַלאַץ, גערוט אויף ווייכע בעטן. נאָר ווייסט איר, זיי
געפעלן מיר ניט, די פּריצים פון די פּאַלאַצן. איך האָב מיך
פאַרבענקט נאָך אײַך, טייערע חברים!



# מיין קעצעלע.

פאַראַן ביי אונדז אַ קעצעלע
אַ קליינינקס אַזאַ־אָ.
די מאַמע זאָגט: דאָס טויג אונדז ניט,
מיר אָבער טויג עס יאָ.

אַזוי איז עס אַ שוואַרצינקע,
נאָר פיסלעך ווייס ווי שניי.
צוויי גלאַנציק־קליינע ווענצעלעך,
וואָס שטענדיק פוצט זי זיי.

די מאַמע האָט דאָס קעצעלע
פאַר מייזעלעך געבראַכט.
שפילט זיך דאָס אַ גאַנצן טאָג
און שלאָפט זיך גאָר ביינאַכט.

אַך, איז דאָס אַ לעבעדיקס!
איך שפיל מיט דעם אין האָף.
עס דראַפּעט מיר די הייזעלעך
און קריכט מיר אויפן קאָפּ.

איך קיצל אין די אייערלעך
די גלאַטע, ווי אַ פּליוש.
פאַרמאַכן זיך די אייגעלעך,
דאַן גלעט איך זיי און קוש.

און אַז צוריק זי עפנט זיי —
בין איך שוין גאָר ניטאָ.
זי שפרינגט, און טאַנצט, און זוכט מיך אום,
און זוכט אַ גאַנצע שעה.

זי זוכט מיך אינעם אייוועלע,
אין קריגעלע, אין טאָפּ.
און פון דער הויכער פּאָליצע
מיר פאַלט זי אויפן קאָפּ.

פאַראַן ביי אונדז אַ קעצעלע,
אַ קליינינקס אַזאַ־אָ.
די מאַמע זאָגט: דאָס טויג אונדז ניט,
מיר אָבער טויג עס יאָ.

# חנהלע.

## I.

גייט חנהלע די יתומה מיט איר ברודערל משה איבערן פעלד. און הייס איז געווען, די זון גיסט פלאַמען אויף דער ערד, און משהלע וויל טרינקען. זאָגט ער:

— חנהלע, איך וויל טרינקען!

— וואַרט, משהלע, באַלד וועט זיין אַ ברונים,— טרייסט אים חנהלע.

גייען זיי ווייטער. און הויך איז די זון, און אַ ברונים איז ווייט. עס פייניקט די היץ, און עס מאַטערט דער דאָרשט. שטייט ביים וועג אַ קאָרעטע מיט וואַסער פאַר פערד. זאָגט משהלע:

— חנהלע, איך וועל טרינקען פון דער קאָרעטע!

— מען טאָר ניט! — זאָגט חנהלע, — וועסט ווערן אַ פערדעלע.

משהלען ברענט אין מויל, שווייס גיסט פון אים. קוים וואָס ער אָטעמט. אָבער ער שטאַרקט זיך און גייט ווייטער. און הויך איז די זון, און אַ ברונים איז ווייט. עס פייניקט די היץ, און עס מאַטערט דער דאָרשט. שטייט ביים וועג אַ קאָרעטע מיט וואַסער פאַר קי. בעט זיך משהלע:

— איך וועל טרינקען פון דער קאָרעטע!

אָבער חנהלע הייסט ניט: — מען טאָר ניט, וועסט ווערן אַ קעלבעלע!

גייען זיי ווייטער. די פעלדער פלאַמען פון היץ. קיין ווינטעלע ניטאָ. מיט וואָס צו אָטעמען ניטאָ. גייען זיי און גייען. און הויך איז די זון, און אַ ברונים איז ווייט, עס פּייניקט די היץ, און עס מאַטערט דער דאָרשט. שטייט אַ קאָרעטע בײַם וועג מיט וואַסער פאַר שעפּסעלעך. האָט שוין משהלע דער שוועסטער גאָרנישט געזאָגט, אָנגעבויגן זיך איבער דער קאָרעטע און אַ טרונק געטאָן. חנהלע האָט ניט געזען.

.II

רופט חנהלע דעם ברודער: „משהלע!" אָבער ניטאָ שוין קיין משהלע. אַ שעפּסעלע שטייט, מיט ווייסע הערעלעך. פאַרשטייט חנהלע, ווער דאָס שעפּסעלע איז, און צעוויינט זיך. וויינט זי ביטער, אָבער העלפן קאָן זי ניט. גייט זי מיטן שעפּסעלע ווייטער. פאָרט אַנטקעגן אַ רייכער ייד. דערזעט ער דאָס שעפּסעלע, זאָגט ער:

— מיידעלע, פאַרקויף מיר דאָס שעפּסעלע!

ענטפערט חנהלע: — דאָס איז גאָרניט קיין שעפּסעלע, ס'איז מיין ברודער משהלע.

פרעגט דער ייד: — ווהין זשע גייט איר דאָס?

ענטפערט חַנֶהלע:

– יתוֹמים זײַנען מיר, אָרעמע און הונגעריקע.

האָט זיי דער ייד גענומען אויפן וואָגן און געבראַכט אַהיים צו זיך.

חנהלע איז דעם יידן זייער געפעלן געוואָרן, איז זי בײַ אים פאַרבליבן מיטן שעפסעלע. זיי איז ביידן גוט געווען. דער ייד האָט זיי ליב געהאַט. געגעבן גוטע זאַכן, פאַר חנהלען געלאָזן אויפנייען שיינע קליידער, און דעם שעפ־סעלע אָנגעטאָן אַ בענדל מיט אַ גלעקעלע אויפן האַלדז.

.III

ניט ווײַט פון דעם יידן האָט געוווינט אַ ווייבל מיט אַ מיאוס טעכטערל. דאָס ווייבל האָט מקנא געווען חנהלען, וואָס איר איז אַזוי גוט. האָט דאָס ווייבל איינמאָל געכאַפּט חנהלען און אַריינגעוואָרפן אין טייך. איר מיאוס טעכטערל האָט זי פאַרקליידט פאַר חנהלען און אַוועקגעשיקט צום יידן. דער ייד האָט ניט דערקענט, און האָט פון גאָרנישט געוווּסט.

נאָר דאָס שעפסעלע האָט געוווּסט, וואָס דאָ איז פאָרגע־קומען. האָט עס שוין ניט געגעסן, ניט געטרונקען. נאָר אַרומגעגאַנגען בײַם ברעג טייך און געקלאָגט, נאָך דער שוועסטער געבענקט.

הערט דאָס פאַרקלײדטע טעכטערל, ווי דאָס שעפּסעלע שרייט, זאָגט זי צום יידן: — זאָל מען עס קוילן...

וווּנדערט זיך דער ייד, וואָרעם ער ווייס דאָך, אַז חנהלע האָט גאָר ליב דאָס שעפּסעלע, און דאָ וויל זי עס קוילן. שווייגט ער, און שאָקלט עטוואָס צו מיטן קאָפּ: נו, זאָל מען קוילן...

שיקט דאָס טעכטערל נאָכן שוחט, און אַליין נעמט זי גרייטן אַן אָרט, ווו צו קוילן. האָט דאָס שעפּסעלע דערזען, האָט עס אַלץ פאַרשטאַנען און איז אַוועקגעלאָפן צום טייך, געלייגט זיך אויפן ברעג און גענומען קלאָגן:

חנהלע, חנהלע, שוועסטער דו מיין!
אַן אָרט מיך צו קוילן גרייט מען,
אוי, ווי ס'וועט מיר ווײ־טאָן!

און חנהלע ענטפערט אים פון אונטערן וואַסער:

אַך, משהלע, ברודער דו מיין!
ס'דריקט מיין האַלדז אַ שווערער שטיין.
איך קאָן פון וואַסער ניט אַרויס,
מיר גייען די כוחות באַלד אויס.
אַך, משהלע, משהלע, ברודער דו מיין!

דער ייד איז גראָד געשטאַנען ניט ווייט, ער האָט דער־הערט, ווי חנהלע רעדט פון וואַסער אַרויס, האָט ער גלייך געהייסן אַרויסנעמען זי. האָט מען חנהלען אַרויסגעצויגן פון

וואַסער, אָנגעטאָן טרוקענע קליידער און געוואָלט צום טיש זעצן. אָבער חנהלע האָט ניט געקאָנט איינזיצן. זי איז צוגע־לאָפן צום שעפּסעלע, און גענומען עס קושן און האַלדזן. און אין דערזעלביקער רגע איז פון שעפּסעלע צוריק גע־װארן אַ משהלע.

אַלע האָבן זיך זייער געפרייט, מען האָט געטאַנצט און געזונגען, און דאָס בייזע ווייבל מיטן טעכטערל פון שטוב אַרויסגעטריבן.

אַ שטעקעלע אַריין, אַ שטעקעלע אַרויס — די מעשה איז אויס.

## מייַן הינטעלע מיט דער קאַץ.

איך האָב געהאַט אַ הינטעלע,
אַ הינטעלע — אַ שאַץ.
איי־איי, ווי ס׳האָט דאָס הינטעלע
ניט ליב געהאַט קיין קאַץ.

כ׳פלעג נעמען ווען אַ האַנטעכל,
צונויפדרייען אין האַנט,
און גלעטן עס, און צערטלען עס,
און מיאַקען נאָכאַנאַנד.

דאָס הינטל טוט אַ שמעק, אַ לעק,
דאָס האַנטעכל אַ קראַץ —
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ! כאַ־כאַ־כאַ!
געמיינט, עס איז אַ קאַץ!

זאָשע און בוטשקאָ זיינען אַלטע גוטע פריינד. זאָשע איז אַ קליין מיידעלע. בוטשקאָ — אַ גרויסער הונט. ביידע וווינען זיי אין איין שטוב. ווילאַנג זיי קענען זיך, ווייסן זיי אַליין ניט. עס דאַכט זיי נאָר, אַז זיי קענען זיך שוין זייער, זייער לאַנג. זאָשע האָט שטענדיק געקענט בוטשקאָן, און בוטשקאָ האָט שטענדיק געקענט זאָשען.

בוטשקאָ איז אַ סך אַ גרעסערער און אַ שטאַרקערער פאַר זאָשען. אַז ער לייגט אַרויף זיינע לאַפּעס אויף אירע אַקסלען, איז ער גרעסער פאַר איר מיט צוויי קעפּ. ער וואָלט זי געקענט איינשלינגען, ווי גרויס זי איז. נאָר ער טוט איר קיינמאָל די מינדסטע עוולה ניט. בוטשקאָ האָט דרך־ארץ פאַר זאָשען. אַזאַ קליינינקע, אַזאַ שוואַכע און אַזאַ קלוגע. לעקט ער זי מיט דער צונג פאַר גרויס ליבּ־שאַפט. און זאָשע ווידער האָט ליב בוטשקאָן, ווייל ער איז אַ שטאַרקער און אַ גוטער.

איינמאָל דערזעט זאָשע, ווי איר פריינד בוטשקאָ איז צוגעבונדן אויף אַ קייט. אירע אייגענע אויגן גלויבט זי נישט. און בוטשקאָ קוקט אויף איר מיט זיינע ערלעכע וואַרעמע אויגן. זאָשע דערנעענטערט זיך ניט צו אים. זי קאָן ניט אַריבערטראָגן די עוולה, וואָס מען האָט ביי איר גרויסן גוטן בוטשקאָ אָפּגענומען די פרייהייט. איז זי גע־שטאַנען פונווייטן און געקוקט אויף אים מיט מיטגעפיל.

# לעמעלע חָרוּץ.

ווּ ביסטוּ געוועזן,
לעמעלע חָרוּץ?
אויפן מיל, אויפן מיַל,
מיין ליבער פּריץ.
וואָס האָסטוּ געטאָן דאָרט,
לעמעלע חָרוּץ?
ווייץ געמאָלן, ווייץ געמאָלן,
מיין ליבער פּריץ.
ווי האָסטוּ געמאָלן,
לעמעלע חָרוּץ?
טיר־טיר־טיר, טיר־טיר־טיר,
מיין ליבער פּריץ.
וואָס האָסטוּ געגעסן דאָרט,
לעמעלע חָרוּץ?
קניידעלעך, קניידעלעך,
מיין ליבער פּריץ.
ווי האָסטוּ געגעסן דאָס,
לעמעלע חָרוּץ?
ליק־ליק־ליק, ליק־ליק־ליק,
מיין ליבער פּריץ.

וואָס האָסטוּ געטרונקען דאָרט,
לעמעלע חָרוּץ?
פּאָמאָיעס, פּאָמאָיעס,
מיין ליבער פּריץ.
ווי האָסטוּ געטרונקען דאָס,
לעמעלע חָרוּץ?
כלופּ־כלופּ־כלופּ, כלופּ־כלופּ־כלופּ,
מיין ליבער פּריץ.
ווער האָט דיך אַרויסגעיאָגט,
לעמעלע חָרוּץ?
דער מילנער, דער מילנער,
מיין ליבער פּריץ.
ווי ביסטוּ אַנטלאָפן,
לעמעלע חָרוּץ?
שפּרינגענדיק, טאַנצנדיק,
מיין ליבער פּריץ.
ווי האָסטוּ געשריען,
לעמעלע חָרוּץ?
יע־מעק־מעק, יע־מעק־מעק,
מיין ליבער פּריץ.

דער אַלטער זיידע האָט אויפן יאַריד געקויפט אַ ציגע-לע. ברענגט ער זי אַהיים און זאָגט צו זײַן זון:

— גיי און פיטער מיר אָן די ציג.

דער זון האָט אָפּגעפירט די ציג אין פעלד, אָנגעפי-טערט, אָנגעטרונקען. פאַרנאַכט פירט ער זי אַהיים. לויפט דער אַלטער אַרויס אויפן וועג און פרעגט:

— ציגעלע-מיגעלע, צי האָסטו געגעסן, צי האָסטו גע-טרונקען אין פעלד?

מאַכט דאָס ציגעלע:

— גאָרנישט געגעסן, זיידינקע. גאָרנישט געטרונקען, זיידינקע. כ'בין געלאָפן איבערן ברעג, האָב איך געכאַפּט וואַסערל אַ לעק. כ'בין געלאָפן פאַרבײַ בריק — האָב איך געטאָן אַ גרעזעלע אַ פליק. גאָרנישט געגעסן, זיידינקע, גאָרנישט געטרונקען, זיידינקע.

איז דער זיידע (ברוגז) געוואָרן אויף זײַן זון און האָט אים אַרויסגעטריבן פון שטוב. אויף מאָרגן האָט ער די טאָכטער געשיקט מיט דער ציג אין וואַלד אַריין. האָט די טאָכטער געבראַכט די ציג אין וואַלד, אָנגעפיטערט זי אויף גראָזיקע ערטער, און אָנגעטרונקען זי מיט רײנעם קוואַל-

וואַסער. פאַרנאַכט טרייבט זי די ציג אַהיים. גייט דער אַל־טינקער אַרויס אויפן וועג און פרעגט:

— ציגעלע־מיגעלע, צי האָסטו געגעסן, צי האָסטו גע־טרונקען אין וואַלד?

מאַכט די ציג:

— גאָרנישט, זיידינקע. כ׳בין געלאָפן איבערן ברעג — האָב איך געכאַפּט וואַסערל אַ לעק. כ׳בין געלאָפן פאַרביי בריק, האָב איך געטאָן אַ גרעזעלע אַ פליק. גאָרנישט געגעסן, זיידינקע, גאָרנישט געטרונקען, זיידינקע.

איז דער אַלטינקער ברוגז געוואָרן אויף דער טאָכטער און האָט זי אַרויסגעטריבן פון שטוב. אויף מאָרגן האָט ער אַליין די ציג אַוועקגעפירט אין פעלד אַריין. ער האָט זי געפּיטערט אויף די בעסטע לאָנקעס. די ציג האָט זיך אָנגע־געסן, אַז קוים וואָס זי האָט געעטעמט. פאַרנאַכט האָט ער זי געטריבן אַהיים. לעבן טויער איז ער איר פאַרלאָפן דעם וועג און האָט געפרעגט:

— ציגעלע־מיגעלע, צי האָסטו געגעסן, צי האָסטו געטרונקען אין פעלד?

מאַכט די ציג:

— גאָרנישט געגעסן, זיידינקע, גאָרנישט געטרונקען, זיידינקע. איך בין געלאָפן איבערן ברעג, האָב איך געכאַפּט וואַסערל אַ לעק. איך בין געלאָפן פאַרביי בריק, האָב איך

געטאָן אַ גרעזעלע אַ פליק. גאָרנישט געגעסן, זיידינקע, גאָרנישט געטרונקען, זיידינקע.

איז דער אַלטער ברוגז געוואָרן אויף דער ציג און האָט זי פאַרטריבן צו אַלדי רוחות.

מיין קיעלע.

אוי, ווי ליב מיין רויטע קיעלע איז מיר!
איך האָב אָנגעריסן גרעזעלעך פאַר איר.
עס זיך אָן צו זאַט, דו קיעלע, דו פיין,
זאָל דיר וווּיל באַקומען, רויטינקע דו מיין!

אוי, ווי ליב מיין רויטע קיעלע איז מיר!
כ'האָב אַ צעבער קלייען אויך פאַרמישט פאַר איר.
האָב, מיין קיעלע, דיין עסן צו גענוג.
גיב, מיין רויטינקע, מיר מילך אַ פולן קרוג.



שפּרינגט אַ קעלבל אום אין פעלד —
אוי, ווי פריילעך אויף דער וועלט!
און די מאַמע פונדערווייט
ליגט אַ רויִקע און קײַט.

קייט און קייט אַזוי און טראַכט:
„אַי, האָב איך אַ קאַלב — אַ פּראַכט!
טאַקע, אַ געזונט אויף איר,
אײַנגעגעבן זיך אין מיר...״

פרר... פון וועלדל פלינק און פריי
פליט אַ פייגעלע פאַרביי.
— מאַמע! זע נאָר, מאַ—מע, זע!
מע... אַוועקגעפלויגן, מע...

האָפּ! פאַרריסן הויך דעם עק,
לאָזט דאָס קעלבל זיך אַוועק...
און די מאַמע פונדערווייט
קוקט און טראַכט, און טראַכט און קײַט:

„זיבן וואָכן מיט אַ האַלב —
קיין עין־הרע, סאַר אַ קאַלב!
יאָגט זיך, שפּרינגט און רוט ניט אײַן,
אַי, וועט דאָס אַ בהמה זײַן!

מאָטל דעם חזנס דערציילט
וועגן זיך און וועגן מעניען.

איך גיי מיט אײַך אין געוועט, אויף וויפיל איר ווילט, אַז קיינער איך דער וועלט איז נישט געווען אַזוי צופרידן מיטן ווארעמען ליכטיקן נאָך־פּסח, ווי איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, מאָטל, און דעם שכנס קעלבל, וואָס מען רופט דאָס מעני.

ביידע גלייך האָבן מיר דערפילט די ערשטע שטראַלן פון דער ווארעמער זון אין דעם ערשטן ווארעמען נאָך־פּסחדיקן טאָג. ביידע גלייך האָבן מיר דערשמעקט דעם ריח פונעם ערשטן גרינעם גרעזעלע, וואָס קריכט, שפּראָצט אַרויס פון דער נאָר־וואָס אָפּגעדעקטער ערד. און ביידע גלייך זיינען מיר אַרויסגעקראָכן פון דעם פינסטערן ענגשאַפט מקבל־פּנים צו זיין דעם ערשטן זיסן ליכטיקן פרילינגס־מאָרגן. איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, מאָטל, בין אַרויס פון אַ קאַלטן נאַסלעכן קעלער, און מעניו, דעם שכנס קעלבל, האָט מען אַרויסגעלאָזן פון אַ קליין פינסטער שטעלכל, וואָס ווינטער בלאָזט אַריין אהין דער שניי, און זומער שמייסט אַריין דער רעגן.

אַרויסגעכאַפּט זיך אויף גאָטס ליכטיקער וועלט, האָבן מיר ביידע, איך און מעני, זיך גענומען אויסדריקן אונדזער צופרידנהייט. איך, פּייסי דעם חזנס יינגל, האָב אויפגעהויבן ביידע הענט אַרויף, אויפגעעפנט דאָס מויל און אַריינגעצויגן אין זיך די פרישע ווארעמע לופט אַזוי פיל, אַזוי פיל, וויפיל איך האָב געקאָנט. און מעני דעם שכנס קעלבל האָט קודם אַריינגעשטעקט די שוואַרצע נאַסע מאָרדע אין מיסט אַריין, אַ שאַר געטאָן מיטן פאָדערשטן פיסל די ערד אונטער זיך אַ מאָל דריי, פאַרריסן דעם עק, אויפגעשפּרונגען נאָכדעם אויף אַלע פיר און אַרויסגעלאָזט אַ טומפּיקן „מע!“

דער „מע" האָט מיר אויסגעוויזן אַזוי קאָמיש, אַז איך האָב מיך געמוזט צעלאַכן און נאָכמאַכן פּונקט דעם אייגענעם „מע", וואָס מעני. מענין איז דאָס, ווייזט אויס, געפעלן, וואָרעם עס האָט לאַנג נישט געני־מען, האָט דאָס קעלבל איבערגעחזרט דאָס אייגענע נאָך אַמאָל, מיטן זעלביקן שפּרונג. איך האָב דאָס באַלד נאָכגעטאָן מיט אַלע פּיטשעווקעס, מיטן קול און מיטן שפּרונג. אַזוי עטלעכע מאָל: איך אַ שפּרונג — דאָס קעלבל אַ שפּרונג. דאָס קעלבל אַ „מע" — איך אַ „מע".

ווער ווייס, ביזוואַנען דאָס שפּיל וואָלט זיך אַזוי געצויגן, ווען ניט מיין ברודער אליהו.

— אַ בחורל פון כמעט ניין יאָר שטעלט זיך אַוועק טאַנצן מיט אַ קעלבל! אין שטוב אַריין גיי, דו הולטיי איינער!.. דער טאַטע וועט דיר שוין געבן!

וויִ דאָס לאָשאַקל
איז אויסגעוואַקסן.

סוכות־צייט איז עס נאָך געווען אַ קליין, מאָגער, געפּלעקט לאָשאַקל. האָט געהאַט אַ קורצע רויטלעכע גריווע, ווי מיידלשע קליינע צעפּעלעך, אַ קורץ ווײדעלע באַהאַלטן, איינגעטוליעט אונטער זיך. אַ קליין קעפּעלע, דינינקע פיסעלעך. דעם קאָפּ האָט עס געהאַלטן אַראָפּגעלאָזן. אינגאַנצן האָט עס זיך געטרייסלט ווי אַ בלאַט. מען האָט עם גערופן לָבָן.

נאָר אַז מען האָט לבנען דעם ערשטן מאָל אַרויסגעלאָזן אינדרויסן אין אַ וואַרעמען ליכטיקן פרילינגס־טאָג, איז עס שוין געווען אַ היפּש פערדל: אַ שיינע אָנגעוואַקסענע גריווע. דער עק, עטוואָס געקרייזלט, דערלאַנגט שוין אַזש ביז אונטער די קני.

ער האָט געמאַכט אָנשטעלן, געשטיפּט, פאַרריסן דעם עק, זיך גע־געבן אַ צי אויס איבערן גאַס און אַוועק העט ווייט־ווייט.

באַלד קומט ער צוריק, קוקט זיך אַרום, באַטראַכט אַלצדינג מיט אַ לייכטן און פרייען בליק, קוקט אויף דעם באַלעבאָס:

— האַ? וואָס? מ׳קאָן?

און זיך ווידער אַ לאָז געטאָן, געוואָרפן, געפּוצט מיט דעם קעפּעלע, פריי געהירזשעט:

— זעט, סאַר אַ ליכטיקע וועלט אינדרויסן!..

לויכנדיק האָט ער אַראָפּגעכאַפּט פון פּליים אַ קליין קינדער־קישעלע, וואָס מען האָט אויפגעהאַנגען צום טריקענען. ער האָט געוואָרפן מיט דעם קאָפּ הין און צוריק, אַרויף און אַראָפּ.

באַלד איז אין קישעלע געוואָרן אַ לאָך, און די פעדערן האָבן זיך לייכט און פריי איבערן גאַס צעטראָגן.

אין גאַס איז געוואָרן אַ טומל. מען וויל לבנען פאַרהאַלטן. פאַר־שטעלט מען אים דעם וועג, צעשפּרייט מען די פּאָלעס.

— טפּרר... טפּר... טפּר...

אָבער מען לאָזט אים פאַר דער נאָז אַדורך. און מ׳האַלט זיך ביי די זייטן לאַכנדיק.

און אַז מ׳האָט זיך געענוג אָנגעמאָרדעוועט, און ער האָט די גאַנצע פעדערן אויסגעזייט, איז ערשט געלונגען אַריינצוקריגן אים אין שטאַל.

---

פון דעם טאָג איז לבן ווי מיט אַמאָל אויסגעוואַקסן: שוין כמעט אַ פערד. דער באַלעבאָס האָט אים אָנגעטאָן אַ ציימל און אָנגעהויבן פירן צום ברונען אָנטרינקען.

— איך האָב שוין מער קיין כוח ניט צו שלעפּן וואַסער פאַר דיר אין שטאַל. דו ביסט ניט קליין, אַליין דורכצושפּאַצירן זיך צום ברונען.

און לבן פלעגט פאַררייסן דעם קאָפּ, באַטראַכטן, וואָס אַרום טוט זיך, געבן זיך אַ שטעל דיבאָם: אַנו, ווער איז העכער? דערנאָך גראָבט ער מיט אַ פוס די ערד וואָס אַרום ברונען, צעשפּריצט אַ קליינע פאַרגרינטע לוזשע, וואָס טריקנט קיינמאָל ניט אויס. פאַרשפּריצט דעם באַלעבאָס פון קאָפּ ביז די פיס. טרינקענדיק גריזשעט ער דעם עמער מיט די ווייסע און שטאַרקע ציין, גיט אים אַ הייב אינדערהייך, אַ טרייסל אינדערלופטן און אַ וואָרף אַזש אויף יענער זייט ברונען, אַז עס בלייבן פון אים נאָר קליעפּקעס.

דער באַלעבאָס, אַז ער קומט אין שטוב, נאָכדעם ווי ער האָט לבנען אין שטאַל געבראַכט, ווישט ער אַרום מיט אַ האַנטעך דעם פּנים און קען זיך ניט איינהאַלטן, דערציילט דער ווייב מיט פאַרגעניגן:

— דו ווייסט, לבן האָט אויסגעטרונקען אַ גאַנצן עמער און נאָך אַ ביסל.

— זאָל אים זיין צו געזונט! — ענטפערט די ווייב.



# דער האָן.

קוקאַרעקו, האָן!
וואָס זשע ווילסטו טאָן?
— כ׳וויל אין חדר גיין,
קאָן איך נישט — אַליין!

וואָס זשע שרייסטו, האָן?
ס׳טוט דיר ווי אַ צאָן?
שאָקלט האָן מיט באָרד:
ניין, אויף ערן־וואָרט!

קוקאַרעקו, האָן!
וואָס זשע זאָגסטו אָן?
— כ׳זינג עס, יונגע־לייט,—
אויפשטיין איז שוין צייט.

וואָס זשע ביסטו רויט?
ווילסט אַ ביסן ברויט?
קוקאַרעקו־תּם,
וואָס איז רויט דיין קאַם?

ווערט אין כּעס דער האָן,
ווייסט נישט, וואָס צו טאָן,
פליט ער, ציט ער אָפּ...
— דרייט מיר נישט מיין קאָפּ!



## אַמאָל איז געווען
## אַ הון מיט אַ האָן.

אַמאָל איז געווען אַ הון מיט אַ האָן.

זאָגט די הון צום האָן: — וואָס זאָל איך טאָן?

ענטפערט דער האָן: דו לייג אַן איי, און איך וועל געבן אַ קריי.

האָט די הון געלייגט אַן איי, און דער האָן האָט גע־געבן אַ קריי.

האָבן זיך מענטשן אויפגעכאַפּט און גענומען זוכן דעם עוף, וואָס האָט זיי אויפגעוועקט פון שלאָף. האָבן זיי געפונען דעם האָן. פרעגן זיי אים: — וואָס האָסטו געגעבן אַ קריי?

ענטפערט דער האָן: — די הון האָט געלייגט אַן איי.

זיינען אַוועק די מענטשן און האָבן צוגענומען ביי דער הון דאָס איי. האָט די הון גענומען שרייען:

— אוי וויי! אוי וויי!

איז געקומען צו לויפן דער האָן מיט אַ קריי: — וואָס שרייסטו אוי וויי?

ענטפערט די הון: — מען האָט ביי מיר צוגענומען דאָס איי.

זאָגט דער האָן: — אַ דאגה, וועסטו לייגן נאָך אַן איי, און איך וועל געבן נאָך אַ קריי.

איז געווען אַ באַבעטשע
מיט אַ הינדעלע אַ ראַבעטשע.
ס׳הינדעלע געלייגט אַן איי —
אַ ווייס, ווי שניי.

האָט די באַבעטשע דאָס געלייגט אויפן קישעלע.
איז געקומען דאָס מייזעלע —
אַ דריי מיטן עקעלע.
און פּוץ — אָ! צעבראָכן דאָס איי.

די באַבעטשע וויינט,
דער זיידע כליפּעט,
דער טויער סקריפּעט.
און די הון גייט אַרום און שרייט:
קוד—קו—דאַ! קוד—קו—דאַ!



### דער האָן און די פּערל.

גראַבלט זיך אַ האָן
און טאַפּט אָן
אין שטויב אַ קערנדל אַ האַרטס.
אַ שאַר, אַ פּיק,
און אַ וואָרף צוריק
מיט האַרץ.
מיטן קאָפּ אַ דריי
און מיטן טראָפּ אַ קריי, —
אומזיסט
צעשאַרט אַזוי פיל מיסט.
געמיינט — אַ קערן
צו דערנערן,
אַ האָבער, צי אַ גערשט.
ערשט —
נאַ דיר גאָר — אַ פּערל!



## די קראָ און דער פוקס.

אויף אַ בוים אַ נאַר אַ קראָ
האַלט אַ שטיקל קעז אין מויל.
ערשט — שאַ, שטיל, אַ גאַסט איז דאָ:
פיקסל קומט אָן שטיל און פויל,
שמעקט, בלייבט שטיין אויף הינטער־פיס,
און ער זאָגט גאָר האָניק־זיס:
— מיין ליב קראָעלע, זינג אַ לידעלע!
זינגסט אַ לידעלע — שפילט אַ פידעלע!
זינג: טראַ־ראַ און טראַ־ראַ־ראַ!
שרייט די קראָ אויס: קראַ־קראַ־קראַ!
פאַלט פון מויל דער קעז אַרויס,
און דער פוקס — האַם־האַם! און אויס.



# צוויי מייז.

## I.

אַ גרויסאַרטיקע שטאָטישע מויז איז געקומען אין געסט צו אַ פעלד־מויז. די פעלד־מויז האָט מכבד געווען איר גאַסט מיט דעם, וואָס זי האָט געהאַט: אַ ביסל אַרבעס, אַ ביסל ווייץ. די גרויסאַרטיקע מויז האָט פאַרזוכט און געזאָגט:

— דעריבער ביסטו אַזאַ דאַרע־קוואַרע, וואָס דו לעבסט אַן אָרעם לעבן. קום צו מיר, וועסטו זען, ווי איך לעב.

## II.

איז די פעלד־מויז געקומען צו דער שטאָטישער אין געסט. ביז נאַכט זיינען זיי געזעסן אונטער דער פּאָדלאָגע און האָבן געוואַרט. אַז די מענטשן האָבן אָפּגעגעסן און געלייגט זיך שלאָפן, האָט די שטאָטישע מויז געבראַכט איר גאַסט אין עסצימער. זיי זיינען ביידע אַרויף אויפן טיש און גענומען קלייבן די ברעקלעך. די פעלד־מויז האָט קיינמאָל אַזעלכע געשמאַקע מאכלים ניט פאַרזוכט. זי האָט געזאָגט:

— דו ביסט גערעכט: מיר אין פעלד לעבן שלעכט. איך וועל מיר אויך אַריבערקלייבן אין שטאָט אַריין.

## III.

ווי נאָר זי האָט דאָס אַרויסגערעדט, האָט זיך דער טיש אַ טרייסל געטאָן. דאָס האָט זיך די טיר געעפנט, און ס'איז אַריין אַ מענטש מיט אַ ליכט. דער מענטש האָט גענומען כאַפּן די מייז.

— ניין, — זאָגט די פעלד־מויז. — אין פעלד איז מיר שוין בעסער. קיין געשמאַקע זאַכן האָב איך דאָרט טאַקע ניט, אָבער דאָרט איז מיר רויִקער, ווי דאָ.

איך פרעג דאָס מייזל:
ווּ איז דיין הייזל?
און דאָס מייזל ענטפערט מיר:
איך האָב נישט קיין סוד פאַר דיר!
נאָר דער קאַץ זאָג נישט אויס,
עס וואָלט דערפון קיין גוטס נישט אַרויס.
דאָס ווערגעלע ווייסט נאָר — כיק!
כאָטש צום גליק
בין איך אַ מייזעלע אַ פלינקס.
זעסטו, — דאָרט אין ווינקל לינקס,
און דערנאָכדעם רעכטס אַ ביסל,
ווּ עס שטייט די גרויסע שיסל,
ווּעסטו זען אַ טירל קליין,
דאָרטן איז דאָס הייזל מיין.
עס ליגט אַ בערגעלע דערויף.
אַ טרעפּ אַראָפּ, און דריי אַרויף,
און אויף לינקס נאָך אַ טרעפּל —
און דו ביסט אַ גאַסט ביי מיר.
נאָר געדענק, בייג איין דאָס קעפּל,
ווייל ס׳איז נידעריק די טיר.

# א ווייסע קאַטשקעלע.

אַ ווייסע, ווייסע קאַטשקעלע
באָדט זיך אינעם טייך,
פּיקט זיך אינעם העלדזעלע,
פּיקט זיך אין אַ פליגעלע,
שטעקט דאָס ווייסע קעפּעלע
טיף און טיף אין טייך.

וואַרפט אַ קינד אַ שטיינדעלע,
מאַכט קאַטשקעס אויפן טייך, —
בולבען זיך די קאַטשקעלעך
און גולגען זיך אַ סך.

דערלאַנגט אַ וואַסער-קאַטשקעלע
דער אמתער אין פּיסק;
כאַפּט זי אויף איר קעפּעלע,
כאַפּט די רויטע פיסעלעך,
אַנטלויפט זי — פליסק און פליסק.



# דער וואָלף און דער מענטש.

דער פוקס האָט איינמאָל דערציילט דעם וואָלף, ווי שטאַרק דער מענטש איז. קיין חיה קאָן אים ניט בייקומען. זאָגט דער וואָלף:

— „כ'וואָלט זיך וועלן פּרוּוון מיטן מענטשן.‟

ענטפערט דער פוקס:

— רעכט. קום, איך וועל דיך ברענגען צום מענטשן.

זיינען זיי ביידע אַוועק. דער פוקס האָט דעם וואָלף אַרויסגעפירט אויפן וועג, ווו דער יעגער גייט אַלע טאָג אויף דער יאַגד.

דער ערשטער איז זיי אַנטקעגן געקומען אַן אויסגעדינטער זעלנער. פרעגט דער וואָלף: „דאָס איז דער מענטש?‟

ענטפערט דער פוקס: ניין, דאָס איז אַזוינער, וואָס איז אַמאָל געווען אַ מענטש.

גייען זיי ווייטער. קומט זיי אַנטקעגן אַ קליין יינגל.

— דאָס איז דער מענטש? — פרעגט דער וואָלף.

— „ניין, דאָס איז אַזוינער, וואָס וועט ערשט אַמאַל זיין אַ מענטש.‟— האָט דער פוקס געענטפערט.

דעמאָלט איז פונדערווייטן אָנגעקומען דער יעגער מיטן ביקס אויפן רוקן, מיטן מעסער ביי דער זייט.

— „זעסטו‟, — זאָגט דער פוקס, — „אָט איז דער אמתער מענטש. מיט אים קענסטו זיך פּרוּוון.‟

דער וואָלף האָט זיך אַ יאָג געטאָן צום יעגער. דער יעגער האָט אויף אים אַרויסגעלאָזן אַ שאָס פולווער מיט שראָט. דעם וואָלף האָט געטאָן אַ פלאַם אין פּנים, אָבער גאָרנישט. ער איז ניט אָפּגעטראָטן. האָט דער יעגער אַ צווייטן מאָל אויסגעשאָסן. דער וואָלף האָט פאַרשטשי-

מעט די ציין און איז ווייטער געקראָכן. דאָ האָט דער יעגער אַרויסגע־
כאַפּט זיין מעסער און דערלאַנגט דעם וואָלף איינמאָל אין איין זייט און
נאָך אַמאָל אין אַנדער זייט. דער וואָלף האָט זיך באַדַמט און איז מיט
אַ געהייל אַנטלאָפן צום פוקס.

— „נו, ברודער וואָלף, ווי ביסטו דורכגעקומען מיט דעם מענטשן?—
פרעגט דער פוקס.

— אָי וויי! — ענטפערט דער וואָלף. — איך האָב גאָרניט אויסגערעכנט,
אַז דער מענטש זאָל האָבן אַזאַ כּוח. הערסט דאָך, וואָס עס איז געווען.
פריער האָט ער אַראָפּגענומען אַ שטעקן פון רוקן און געטאָן אַ בלאָז
אין אים, — איז מיר עפּעס אַריינגעפלויגן אין פּנים און גענומען גריילעך
קיצלען. דערנאָך האָט ער ווידער געטאָן אַ בלאָז אין שטעקן, — איז מיר אין
נאָז אַריינגעפלויגן אַ בליץ מיט אַ האָגל. און אַז איך בין שוין געווען
גאָר נאָענט לעבן אים, האָט ער אַרויסגעכאַפּט אַ ריפּ פון זיין זייט, און
דערמיט האָט ער מיר דערלאַנגט אַזאַ שמיץ, אַז איך בין שיר ניט גע־
פאַלן אין חלשות.



די חתונה פון דער
פרוי פוקסיכע.

אַז דער אַלטער האַר פוקס איז געשטאָרבן, איז דער וואָלף געקומען און געוואָלט חתונה האָבן מיט דער אלמנה. די קאַץ האָט געדינט ביי דער פרוי פוקסיכע. האָט די קאַץ אויפגעעפנט די טיר. דער וואָלף האָט זיך פאַרנייגט און געזאָגט:

— גוט־מאָרגן, פרוי קאַץ פון קאַצענשטיין,
וואָס זיצסטו דאָ אין קיך אַליין?
וואָס טוסטו דאָ?

ענטפערט די קאַץ:

אַ מיכיע פון מילך מיט חלה האָב איך פאַרמישט,
וויל מיין האַר זעצן זיך מיט מיר צום טיש?

זאָגט דער וואָלף:

אַ דאַנק דיר, פרוי קאַץ פון קאַצענשטיין.
די פרוי פוקסיכע איז אינדערהיים?

ענטפערט די קאַץ:

די פרוי פוקסיכע זיצט ביי זיך אין קאַמער,
באַוויינט איר יאָמער,
באַקלאָגט איר נויט,
וואָס דער אַלטער האַר פוקס איז טויט.

מאַכט דער וואָלף:

זאָל זיך די פרוי פוקסיכע ניט קלעמען,
זאָל זי אַראָפּ צו מיר, וועל איך זי נעמען.

די קאַץ איז איבער אַלע טרעפּ צו דער פרוי פוקסיכע אַרויפגעשפּרונגען, און אָנגעקלאַפּט אין טיר מיט אַלע אירע גאָלדענע פינף רינגען:

זאָל פרוי פוקסיכע שוין זיך מער ניט קלעמען,
אונטן שטייט האַר וואָלף, ער וויל זי נעמען.

האָט די פרוי פוקסיכע געפרעגט:

– האָט דער האַר וואָלף רויטע הויזן? האָט ער אַ שפּיציק מיילכל?

– ניין, – האָט די קאַץ געענטפערט.

– טויג ער מיר ניט פאַר קיין מאַן, – האָט די פוקסיכע געזאָגט.

אַז דער וואָלף איז אַוועק, איז געקומען דער הונט, דער הירש, דער האָז, דער לייב און אַלע אַנדערע חיות פון וואַלד. אָבער זיי האָבן קיינער ניט געהאַט די מעלות פון דעם אַלטן האַר פוקס. און די קאַץ האָט די חתנים אַלע מאָל געמוזט אָפּזאָגן. לסוף איז געקומען דער יונגער פוקס. פרעגט די פרוי פוקסיכע:

– האָט דער האַר רויטע הויזן? האָט ער אַ שפּיציק מיילכל?

– יאָ, ער האָט, – ענטפערט די קאַץ.

– טאָ זאָל ער אַרויפקומען.

און די פרוי פוקס האָט געהייסן דער קאַץ צוגרייטן אַ מאָלצייט:

קעצעלע, קער די שטוב אויס
און וואַרף דעם אַלטן פוקס דורכן פענצטער אַרויס,
אַ מאָל פלעגט ער ברענגען אַ פעטע מויז,
האָט ער זי אַליין אויפגעגעסן ביזן עקל,
און מיר ניט געלאָזן קיין ברעקל.

האָט מען געשטעלט אַ חופּה מיט דעם יונגן האַר פוקס. מען האָט זיך געפרייט און געטאַנצט, און אויב מען האָט ניט אויפגעהערט, טאַנצט מען נאָך עד היום.



## אויף דער פריי.

דאָרטן אויפן ביימעלע,
דאָרטן אויפן צווייגעלע
טאַנצט אַרום אַ פייגעלע,
שפיגלט זיך אין טייכעלע.

אונטן רוישט דאָס קוועלעכל,
אויבן שיינט די זון אַראָפּ.
פריילעך זינגט דאָס פייגעלע,
איר קולעכל — אַ גלעקעלע.

— וואָס זינגט זיך דיר, מיין שוועסטערל?
וואָס טאַנצסטו אויפן ביימעלע?
רופט זיך אָפּ דאָס פייגעלע
פון אַ צווייטן צווייגעלע:

— אין אַ דראָטן שטייגעלע
געוועזן בין איך איינגעשפּאַרט.
האָב איך מיך אַרויסגעכאַפּט
אין דעם פרייען וואַלד.

## דער פויגל.

אויף אַ בוים אין גרינעם וואַלד
אַ ווונדערלעכער פויגל שאַלט —
טראַ—לאַ—לאַ, טראַ—לאַ—לאַ.

איז אַ ייִנגל צוגעלאָפן,
און דער פויגל איז אַנטלאָפן —
טראַ—לאַ—לאַ, טראַ—לאַ—לאַ.

„וואָס אַנטלויפסטו?״ — ס׳ייִנגל שרייט, —
„ניט געוואָלט דיר טאָן קיין לייד.״
טראַ—לאַ—לאַ, טראַ—לאַ—לאַ.

„בלייב זשע, פויגל, שרעק זיך ניט!״
און דער פויגל: „כ׳גלויב דיר ניט״—
טראַ—לאַ—לאַ, טראַ—לאַ—לאַ.



א מעשהלע וועגן פויגל שפערל
און וועגן פיש פלאָטקע.

פויגל שפערל און פיש פלאָטקע זיינען געווען גרויסע חברים. איינמאָל קומט פויגל שפערל צום טייך און שרייט:

— היי, שוועסטערל, גוט מאָרגן! וואָס מאַכסטו?

— ניט צו פאַרזינדיקן, מ׳לעבט! — ענטפערט פיש פלאָטקע. — קום צו מיר אין געסט. ביי מיר, ברודער, איז גוט. דאָס וואַסער שטיל. וואַסער־פלאַנצן — וויפיל דאָס האַרץ געלוסט. איך וועל דיך מכבד זיין מיט פראָש־רויגן, מיט ווערעמלעך, מיט וואַסער־פליגעלעך.

— אַדאַנק, שוועסטער! איך וואָלט גערן געקומען צו דיר צו גאַסט, אָבער איך האָב מורא פאַר וואַסער. קום בעסער דו צו פליען צו מיר אויפן דאַך. איך וועל דיר, שוועסטער, געבן געשמאַקע יאַגדעס. איך האָב אַ גאַנצן סאָד. חוץ דעם וועלן מיר קריגן אַ ברעקל ברויט, אַ האָבער, אַ שטיקעלע צוקער, אַ לעבעדיק מוקל. דו האָסט דאָך ליב צוקער?

— וואָס איז דאָס אַזוינס צוקער?

— אַזאַ ווייסע זאַך.

— ווי די שטיינדעלעך אין טייך?

— פונקט אַזוי. און אַז מען נעמט עס אין מויל אַריין, איז עס זיס. דיינע שטיינדעלעך פון טייך קאָן מען ניט צעבייסן. איז וואָס, פליען מיר אויפן דאַך.

— ניין, איך קען ניט פליען. און אויף דער לופט ווערגט מיך. לאָמיר בעסער צוזאַמען שווימען אין וואַסער. איך וועל דיר אַלץ באַווייזן.

פויגל שפערל האָט געפּרוּווט אַריינגיין אין וואַסער. איז אַריין ביז די קני, און האָט זיך דערשראָקן: מען קאָן זיך דאָך דערטרינקען!

צי זיינען פלאָטקע און שפערל סוף־כל־סוף געווען איינע ביי די אַנדערע צו גאַסט, צי ניט, — דאָס ווייס קיינער ניט.



# דָוִיד הַמֶלֶךְ.

ווען דויד המלך איז נאָך קיין קייסער ניט געווען, האָט ער געפּי־טערט דעם פאָטערס שאָף אין די סטעפּעס. פלעגט אַמאָל טרעפן, אַז אַ לייב, אָדער אַ בער האָט געכאַפּט אַ שאָף און געוואָלט פאַרצוקן, איז דויד ניט פויל געווען, האָט זיך געיאָגט, געכאַפּט די חַיה־רָעה און פון די ציין ביי איר אַרויסגעריסן דאָס שעפעלע.

דער לייב צי דער בער האָבן שוין געמעגט זיין צופרידן, אויב זיי זיי־נען מיט גאַנצע ביינער אַרויס פון דוידס הענט.

אַמאָל פלעגט די חיה ניט ווען אָפּגעבן דאָס שעפעלע און שטעלן זיך שלאָגן מיט דוידן. איז דויד גאָר קיין פּחדן ניט געווען. ער האָט אַריינגעשטעקט ביידע הענט צו דער חיה אין מויל אַריין, און געטאָן אַ ריס, און צעריסן זי אויף צוויי שטיקער.

---

מאכט זיך אַמאָל, אַז די פּלישתּים קומען מלחמה האַלטן מיט די יידן. גייען אַלע דערוואַקסענע מאַנסביל אַוועק אויף דער מלחמה, דוידס ברידער אויך. נאָר דויד איז געבליבן אינדערהיים, ווייל ער איז נאָך געווען אַ יונגער. זאָגט איינמאָל דער טאַטע צו דוידן:

— נעם ברויט און קעז, טראָג אַוועק די ברידער אויף די פּאָזיציעס און זע, וואָס מאַכן זיי.

נעמט דויד ברויט מיט קעז און גייט אַוועק אויף די פּאָזיציעס.

צון אויף די פּאָזיציעס איז געווען אַ גרויסער טרויער. ביי די פּלישתּים איז געווען אַ ריז. גָלית־הַפּלישתּי האָט ער געהייסן. איז ער אַרויס אויפּן

מיטן פעלד, צווישן דעם יידישן לאַגער און צווישן דעם פּלישתּישן, און זאָגט אַזוי צו די יידן:

– זאָל עמעצער פון אייך אַרויס שלאָגן זיך מיט מיר. אויב ער וועט מיך בייקומען, הייסט עס, אַז די יידן האָבן די פּלישתּים איינגענומען. זיינען מיר אייערע קנעכט. אויב איך וועל אים בייקומען, הייסט עס, אַז די פּלישתּים האָבן איינגענומען, און די יידן וועלן זיין אונדזערע קנעכט.

האָט זיך ביי די יידן ניט געפונען אַזוינער, וואָס זאָל זיך דערוועגן אַרויסצוגיין אויף אַ געשלעג מיט גלית־הפּלישתּי דעם ריז.

האָט גלית פון די יידן געלאַכט. און אַלע טאָג איז ער אַרויס אויפן פעלד און האָט חוזק געמאַכט פון די יידן:

– פּחדנים זייט איר, שוואַכינקע מענטשן. איר האָט אַלע מורא פאַר מיר.

זיינען די יידן געווען זייער צעטראָגן.

---

אַז דוד איז געקומען צו די ברידער, האָט ער דערזען, ווי אַלע זיינען פאַרטרויערט. פרעגט ער ביי די ברידער: וואָס איז דער מער? זיינען די ברידער אין כּעס געוואָרן:

– וואָס דרייסטו זיך דאָ אַרום? פאַרוואָס גייסטו ניט אַהיים? אויף וועמען האָסטו דאָרט איבערגעלאָזן דאָס ביסעלע שאָף?

אָבער דוד האָט זיי ניט געהערט. ער האָט געטראַכט: מען דאַרף דאָך וויסן, וואָס קומט דאָ אַזוינס פאָר.

איז ער אַוועק, הןןט זיך גענומען נאָכפרעגן, און מען האָט אים דערציילט די מעשה מיט גלית־הפּלישתּי, ווי ער רופט אַרויס די יידן אויף אַ געשלעג, און ווי די יידן האָבן מורא.

זאָגט דוד: איך וואָלט געגאַנגען, און כ׳וואָלט אים שוין באַוויזן, ווי אַזוי אָפּצולאַכן אונז צו באַרימען זיך.

---

האָט מען אים געבראַכט צו דעם יידישן קיניג שאָול. האָט זיך שאול זייער דערפרייט. אָבער אַז ער האָט דערזען דודן, איז ביי אים גע־וואָרן אַ ספק, צי וועט ער קאָנען שלאָגן זיך מיט דעם ריז גלית־הפלישתי ווייל דויד איז נאָך געווען גאָר אַ יונג בחורל, אַ שיינער, אָבער אַ קליינער. האָט דויד צו אים געזאָגט:

— זאָל דער קיניג זיין זיכער, אַז איך וועל מיך שוין איינפּאָרען מיט דעם ריז. וואָרעם אויב איך קען אין סטעפּ ביי־קומען דעם לייב און דעם בער, וועל איך דאָך גליתן אוודאי קענען ביי־קומען.

האָט שאול המלך געהייסן אָנטאָן דודן אין אַ מונדיר און אויפהענגען ביי אים אויף דער זייט אַ שווערד.

האָט דויד גלייך אויסגעטאָן דעם מונדיר און אַוועקגעוואָרפן דעם שווערד:

— צו וואָס טויג עס מיר? — האָט ער געזאָגט. — איך דאַרף עס ניט, כ'וועל שוין אָן דעם אויסקומען.

---

איז דויד אַוועק, האָט אויפגעזוכט אויפן פעלד עטלעכע גלאַטע שטיי־נער און אַריינגעלייגט אין טאָרבע, אין האַנט האָט ער גענומען אַ וואַרפער. אַזוי איז ער אַוועק שלאָגן זיך מיט גליתן.

ווען גלית האָט דערזען, אַז מיט אים וויל זיך שלאָגן אַ ייִנגל, מאַכט ער:

— היי, ייִנגעלע, מיר איז אַ רחמנות אויף דיר, דו ביסט אַזאַ שיי־נער. קום בעסער צו מיר און איך וועל דיר געבן נאָכטראָגן נאָך מיר מייַ שפּיז מיט מיין שווערד.

זאָגט דויד:

— ניט צו טראָגן נאָך דיר דיין שווערד בין איך געקומען, נאָר אַראָפּנעמען דיר דעם קאָפּ וויל איך. גרייט זיך צום געשלעג.

און ער האָט גענומען אַריינלייגן אַ שטיין אין זיין וואַרפער. מאַכט צו אים גלית מיט אַ געלעכטער:

— וואָס בין איך אַ הונט, וואָס דו ווילסט מיך שלאָגן מיט אַ שטיין?

ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז טאַקי נאָר אויף צו פלייסן. אָבער דויד האָט אַ הייב געטאָן דעם וואַרפער און דערלאַנגט מיטן שטיין גליתן גלייך אין שטערן אַריין.

דער שטיין איז אַריין אין ביין, און גלית איז געפאַלן אויף דער ערד.

אַז די פּלישתּים האָבן דערזען, ווי זייער גיבור איז געפאַלן, האָבן זיי זיך דערשראָקן און זיינען אַנטלאָפן.

און צוריק פון די פּאָזיציעס האָט מען שוין דוידן געפירט מיט גרויס פּאַראַד. און פון אַלע שטעט און דערפער זיינען אַרויס די ווייבער אויך די מיידלעך און האָבן אים באַגעגנט מיט טענץ און מיט געזאַנג.



האָב איך אַ פּאָר אָקסן, אָקסן,
וואָס זיי בּראָקן לאָקשן, לאָקשן.
אוי, וווּנדער איבער וווּנדער,
ווי די אָקסן בּראָקן לאָקשן —
דאָס איז מיר אַ וווּנדער,
דאָס איז מיר אַ וווּנדער.

האָב איך אַ פּאָר טויבּן, טויבּן,
וואָס זיי נייען הויבּן, הויבּן.
אוי, וווּנדער איבער וווּנדער,
ווי די טויבּן נייען הויבּן —
דאָס איז מיר אַ וווּנדער,
דאָס איז מיר אַ וווּנדער.



## אַ רעטעניש.

דו מיידעלע דו שיינס, דו מיידעלע דו קליינס,
איך וועל דיר עפּעס פרעגן אַ רעטעניש אַ פיינס:
וואָס איז העכער פאַר אַ הויז,
און וואָס איז פלינקער פאַר אַ מויז?

דו נאַרישער בחור, דו נאַרישער טראָפּ,
דו האָסט ניט קיין שכל אין דיין קאָפּ:
דער רויך איז העכער פאַר אַ הויז,
די קאַץ איז פלינקער פאַר אַ מויז.



# דאָס ליד פון ברויט.

פאַר די הענטלעך אין די רינגען
שיינע קליינע קינדער זינגען:
גאָט געטרייער, גיב אַ רעגן
פאַר די קליינע קינדערס וועגן!

ווייזט אַ וואָלקן זיך פון אויבן —
נעמען זיך די פעלדער שטויבן,
און אַ רעגן — פערל־ריין —
טריף־טראָפּ, טריף־טראָפּ הייבט אָן גיין.

נעמען פעלדער זיך צו שפרייטן,
ווייך צעאַקערטע אין בייטן.
ווערן גרינע קאָרן־זאַנגען
פון די בייטן אויפגעגאַנגען.

נעמט אַ טוי אויף זיי באַלד פאַלן.
וואַרעמט זיי די זון מיט שטראַלן.
ווערן פעלדער געל ווי גאָלד,
פול מיט קאָרן, קאָרן־גאָלד.

נעמען פּױלע פורן פאָרן,
פורן פאָרן, פירן קאָרן
דורך די בערג און דורך די טאָלן
אין די מילן דאָס צו מאָלן.

הייבן אָן די ווינטן ווייען,
און די מילן־פליגל — דרייען.
מאָלן מילן, מאָלן שנעל
פון דעם קאָרן ווייסע מעל.

קויפט דער בעקער מעל מיט הויוון
און פאַרהייצט זיין גרויסן אויוון.
ברענט דאָס פייער, שייטלעך קנאַקן.
נעמט דאָס ברויט זיך בעסער באַקן.

קויפן מאַמעס ברויט דעם פרישן
און דערלאַנגען אויף די טישן.
עסן קינדער פרישן ברויט,
זיינען זיי געזונט און רויט.



## הירזשענע קאַשע.

**I.**

געווען אַמאָל אַ מיידל, זייער אַ וווילע. איר מוטער איז געווען אַן אָרעמע. זיי האָבן געוווינט אין אַ קליין הייזל. איינמאָל האָט זיי ניט געסטייעט קיין ברויט. זייִנען זיי געזעסן הונגעריקע.

זאָגט דאָס מיידל: לאָמיך גייִן אין וואַלד, טאָמער וועל איך עפּעס געפינען פאַר זיך און פאַר דער מאַמען צום עסן.

איז זי אַוועק. קומט איר אַנטקעגן אַן אַלטינקע. די אַלטינקע האָט שוין געוווּסט, אַז דאָס מיידל און איר מאַמע הונגערן. דערלאַנגט זי דעם מיידל אַ טעפּעלע און זאָגט:

— אַז דו וועסט וועלן עסן, זאָלסטו זאָגן צום טעפּעלע: „טעפּעלע, טעפּעלע, קאָך!" — וועט דאָס טעפּעלע אָנהייבן קאָכן אַ הירזשענע קאַשע, אַ גוטע, אַ געשמאַקע. ווּעסטו עסן, דער מאַמען געבן, נאָכדעם זאָלסטו זאָגן: „טעפּעלע, טעפּעלע, גענוג!" — וועט דאָס טעפּעלע אויפהערן צו קאָכן.

דאָס מיידל האָט דער אַלטינקער גאָר פיין באַדאַנקט. איז געקומען אַהיים, געהייסן דעם טעפּעלע קאָכן. האָט דאָס טעפּעלע אויפגעקאָכט אַ הירזשענע קאַשע, אַ געשמאַקע,

אַ זיסע. מער האָבן שוין דאָס מיידעלע מיט דער מאַמען ניט געהונגערט, וואָרעם זיי האָבן געגעסן קאַשע צו זאַט.

## .II

איינמאָל איז דאָס מיידל אַוועק שפּאַצירן. דערווייל האָט זיך דער מאַמען פאַרוואָלט עסן. זאָגט זי צום טעפּעלע: „טע־פּעלע, טעפּעלע, קאָך!" האָט דאָס טעפּעלע גענומען קאָכן. די מאַמע האָט אָפּגעגעסן, זי האָט געוואָלט זאָגן, דאָס טע־פּעלע זאָל אויפהערן קאָכן, אָבער זי האָט פאַרגעסן, וואָס מע דאַרף זאָגן.

האָט דאָס טעפּעלע אַלץ געקאָכט, איז געוואָרן פול. די קאַשע איז אַריבער די ברעגעס, האָט זיך געגאָסן אויפן טיש. פון טיש אויף דער פאָדלאָגע. איז גאָר די שטוב פולער גע־וואָרן מיט קאַשע. און דאָס טעפּעלע קאָכט נאָך און קאָכט.

האָט זיך די קאַשע געגאָסן פון שטוב אין הויף אַריין, פון הויף אין גאַס, פון איין גאַס אין דער צווייטער, און אויפן וועג און אויפן פעלד, און איבער טאָל און איבער באַרג, און דאָס טעפּעלע קאָכט נאָך אַלץ און קאָכט. דאַכט זיך, עס האָט געוואָלט די גאַנצע וועלט אָנקאָרמען מיט הירזשענע קאַשע.

די שטאָטלייט האָבן זיך דערשראָקן. זיי האָבן געמיינט: אַ קאַשע פאַרפלייצט גאָר די וועלט, נאָר וואָס האָבן זיי געקענט מאַכן?

ס'זיינען געבליבן אין שטאָט נאָר צוויי הייזער, וואָס די קאַשע האָט זיי ניט פאַרדעקט. ערשט דעמאָלט איז דאָס מיידל געקומען פון שפּאַציר. זי האָט דערזען, וואָס דאָ טוט זיך, און געהייסן:

— „טעפּעלע, טעפּעלע, גענוג!"

— האָט דאָס טעפּעלע ערשט אויפגעהערט קאָכן.

און אַז עמעצער האָט געוואָלט אַדורכגיין איבער דער שטאָט, האָט ער געמוזט אַ פולע, אַ פולע קאַשע אויפעסן, ביז ער האָט זיך אַ וועג פריי געמאַכט אין די גאַסן.



## דאָס קיכעלע.

אַמאָל איז געווען אַן אַלטער מיט אַן אַלטיטשקער. בעט דער אַלטער: באַק מיר, אַלטיטשקע, אויס אַ קיכעלע.

— פון וואָס זאָל איך באַקן, אַז קיין מעל איז ניטאָ?

— אַך, אַלטיטשקע, קלייב צונויף אין שפּייכלער, רייב אַראָפּ פון זאַשיק, וועט זיין מעל.

די אַלטיטשקע האָט גענומען אַ פעדער, צונויפגעקליבן אין שפּייכלער, אַראָפּגעריבן פון זאַשיק, אָנגעקליבן אַ פּאָר הויפנס מעל, פאַרקנאָטן אַ טייג אויף מילך, אויסגעוועלגערט אַ קיכעלע, אָפּגעבראָטן אויף פּוטער און אַוועקגעשטעלט אויפן פענצטער קילן.

דאָס קיכעלע איז געלעגן, געלעגן און זיך אַראָפּגע־קייקלט אויפן באַנק, פון באַנק אויף דער פּאָדלאָגע, נאָכ־דעם אויפן גאַניק, פון גאַניק אין הויף אַריין, און פון טויער, און אויפן וועג און אין וואַלד אַוועק.

קייקלט זיך דאָס קיכעלע איבערן וואַלד, ערשט אַ וואָלף גייט אַנטקעגן:

— קיכעלע, קיכעלע! איך וויל דיך אויפעסן!

— עס מיך ניט, וואָלף, ווער איך דיר זינגען אַ לידעלע.

און דאָס קיכעלע האָט גענומען זינגען:

איך בין קיכעלע, קיכעלע,
פון שפייכלער געקליבן,
פון זאַשיק געריבן,
אויף מילך געקנאָטן,
אין אויוון געבראָטן,
אויפן פענצטער געקילט,
כ'בין פון זיידן אַנטרונען,
פון דער באָבען אַנטרונען.
דו, וואָלף, ווערסט מיך זיכער ניט באַקומען.

און דאָס קיכעלע האָט זיך אַוועקגעקייקלט. דער וואָלף איז שטיין געבליבן ווי אַ נאַר.

קייקלט זיך דאָס קיכעלע ווייטער, ערשט אַ בער גייט אַנטקעגן:

— קיכעלע, קיכעלע, איך וויל דיך אויפעסן!

— עס מיך ניט, ווער איך דיר זינגען אַ לידעלע.

און דאָס קיכעלע האָט גענומען זינגען:

איך בין קיכעלע, קיכעלע,
פון שפייכלער געקליבן,
פון זאַשיק געריבן,
אויף מילך געקנאָטן,
אין אויוון געבראָטן
אויפן פענצטער געקילט;

כ׳בין פון זיידן אַנטרונען,
פון דער באָבען אַנטרונען,
פון דעם וואָלף אַנטרונען,
דו, בער, וועסט מיך זיכער ניט באַקומען.

און דאָס קיכעלע האָט זיך אַוועקגעקייקלט. דער בער איז שטיין געבליבן ווי אַ נאַר.

קייקלט זיך דאָס קיכעלע ווייטער, ערשט אַ פוקס גייט אַנטקעגן:

„גוט מאָרגן דיר, קיכעלע! סאַר אַ שיינינקער, סאַר אַ רויטינקער דו ביסט!"

דאָס קיכעלע האָט זיך דערפרייט, וואָס מען לויבט אים, און גענומען זינגען זיין לידעלע:

איך בין קיכעלע, קיכעלע,
פון שפייכלער געקליבן,
פון זאַשיק געריבן,
אויף מילך געקנאָטן,
אין אויוון געבראָטן,
כ׳בין פון זיידן אַנטרונען,
פון דער באָבען אַנטרונען,
פון דעם וואָלף אַנטרונען,
פון דעם בער אַנטרונען
דו, פוקס, וועסט מיך זיכער ניט באַקומען.

דער פוקס האָט אויסגעהערט דאָס לידעלע און מאַכט אַזוי:

— „אָ, אַ פיין לידעלע! אָבער איך בין שוין אַלט געוואָרן, כ'הער שלעכט. זעץ זיך צו מיר אויפן גאָמ־בעלע, און זינג נאָך אַמאָל, העכער אַ ביסעלע".

דאָס קיכעלע איז אַרויפגעשפּרונגען צו דעם פוקס אויפן גאָמבעלע, גענומען זינגען דאָס לידעלע. דערווייל האָט דער פוקס געמאַכט „האַם!" און דערשלונגען דאָס קיכעלע.



היינט זיינען אַלע קלאַסן געגאַנגען זען, ווי מען גראָבט קאַרטאָפל אין פעלד. איז דאָס געווען אַ פריילע-כער שפּאַציר! די קינדער האָבן אָנגעטראָגן פון פעלד טרוקענע צווייגלעך און פונאַנדערגעלייגט אַ פייער. די לערער האָבן געגעבן געלט, מען האָט געקויפט אַ קאָ-שיק קאַרטאָפל (בײַ דעם פויער) און אַוועקגעלייגט אינעם פייער באַקן.

האָט זיך עס פונאַנדערגעטראָגן אַ ריח איבערן פעלד!

דאָס פייער האָט געקנאַקט און געשפּרונגען אינדער-לופטן, געפרעסן די צווייגלעך, און די קינדער האָבן אַרום געטאַנצט און געזונגען.

ווען די קאַרטאָפל האָבן זיך אָפּגעבאַקט, האָבן מיר געהאַט אַ טייערע סעודה. איך האָב געמיינט, אַז די קאַרטאָפל זיינען דערפאַר אַזוי געשמאַק, וואָס מיר האָבן זיי גלייך פון דער ווייכער ערד פרישינקע געבאַקט. איך האָב דאָס געזאָגט דער לערערין. האָט זי געשמייכלט.

צוריקגייענדיק אַהיים פון שפּאַציר האָט אונדז די לערערין געהייסן קלייבן בײַ די מעזשעס שטענגעלעך פון גראָזן — קיילעכדיקע, פירקאַנטיקע, אַלערליי.

מיר האָבן געבראַכט אין שול אַ גאַנצן באַרג מיט גראָזן.

— דאָס, — האָט די לערערין געזאָגט, — דאַרפן מיר צו אַ קאָלעקציע.

אַ קאָלעקציע פון פאַרשיידענע מינים ערד האָבן מיר שוין פון פריער. וועט דאָס שוין זיין בײַ אונדז די צווייטע קאָלעקציע.

דער באָב, דאָס קיילכעלע
און דאָס שטרייעלע.

די באָבע האָט פונאַנדערגעלייגט אַ פייער אויפן פּריפּעטשיק און אונטערגעצונדן מיט שטרוי. איז איין שטרייעלע אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד און געבליבן ליגן. ווען דאָס פייער האָט זיך צעפלאַקערט, האָט דאָס האָלץ דערלאַנגט אַ קנאַק, און אַ קיילכל איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פּריפּעטשיק און געפאַלן לעבן דעם שטרייעלע. ליגן זיי ביידע איינס לעבן צווייטן. דערווייל האָט די באָבע גענומען שיטן באָב אין טעפּל. האָט זיך איין באָב אַרויסגעדרייט פון אירע הענט און פאַרקייקלט איבער דער פּאָדלאָגע צו דעם קיילכעלע און צו דעם שטרייעלע.

דאָס איז געווען אַ פריילעך בעבל. ער האָט ניט ליב געהאַט צו ליגן אויף איין אָרט. זאָגט ער צו דעם קיילכעלע און צו דעם שטרייעלע:

— וואָס ווילן מיר דאָ אויסליגן, חברים? קומט בעסער וואַנדערן איבער דער וועלט. וועט זיין פריילעכער.

האָבן זיי זיך זאַלבעדריט אַוועקגעלאָזט וואַנדערן.

זיינען זיי געגאַנגען און ס'איז זיי געווען פריילעך. לסוף זיינען זיי געקומען צו אַ טייכל. דאַרף מען אַריבער דאָס

וואַסער. און קיין בריק איז ניטאָ, און קיין שיפל אויך ניט. וואָס טוט מען?

זאָגט דאָס שטרייעלע: איך וועל מיך אויסציִען פון איין ברעג צום צווייטן, און גייט איבער מיר אַריבער, ווי איבער אַ בריקל. האָבן זיי אַזוי געטאָן. דער ערשטער איז אַריבער דער באָב און איז בשלום אָנגעקומען אויפן צווייטן ברעג. נאָכדעם האָט זיך געלאָזן גיין דאָס קיילכעלע און האָט זיך אינמיטן דערשראָקן און געבליבן שטיין. האָט זיך אונטער אים דאָס שטרייעלע אָנגעצונדן און איז פאַרברענט געוואָרן, איז דאָס קיילכעלע אַריינגעפאַלן אין וואַסער. ס'האָט נאָר געטאָן אַ זיד און פאַרטיק — פאַרלאָשן.

דער באָב האָט דאָס דערזען, האָט אים אָנגעכאַפּט אַ שרעקלעך געלעכטער. און אַזוי ווי דער באָב איז אַ גראָ־בינקער און אַ פולינקער, האָט ביי אים פון דעם געלעכטער געפּלאַצט דאָס העלדזל.

איז ער אַוועק פאַרנייען דעם געפּלאַצטן אָרט. אָבער דער שניידער האָט ניט געהאַט קיין ווייסן פאָדים. האָט ער פאַרנייט מיט אַ שוואַרצן פאָדים.

איז זינט דעמאָלט ביי דעם באָב געבליבן אַ שוואַרצער נאָט אויפן האַלדז.



## אין סאָד.

עפּל־פּעפּינקעס און פלוימען
און די שווערע באַרן־בער.
בעטן ביימער: ליבע קינדער,
נעמט אַראָפּ אַ קאַפּ, ס׳איז שווער.

לאָזט זיך חברה לאַנג ניט בעטן,
לאַנג ניט בעטן — צוליב וואָס?
טרייסלען ביימער, בויגן צווייגן;
פאַלן פּרוכטן אויפן גראָז.

עסט מען אָן זיך זיס און זאַפטיק,
זאַפט און זיסקייט — האָניק, ווײַן —
ווען אין מויל קען שוין ניט קריכן,
קריכט אין קעשענע אַרײַן.

פולע קעשענעס געפּאַקטע,
קוים צו רירן זיך מיט זיי.
און עס גלוסטן נאָך די אויגן,
נאָר די בײַכלעך טוען וויי.

מוז מען אָפּרוען אַ ביסל,
און אַ לייג זיך אויפן גראָז.
קוקט אַראָפּ אַ באַק פון עפּל,
און פון פלוים אַ בלויע נאָז.

און אַ בינטל רויטע ווײַנשל
אויף דעם לעצטן צווייג — אָן־דאָרט!
אַך, זיי לאָזן דאָך ניט רוען —
איז אַ כאַפּ זיך אויף פון אָרט.

קריכן, וואַרפן, רײַסן, טרייסלען,
פלאַטער־פליטער, בלעטער־בלאַט!
און געפּאַקט שוין, און באַקומען,
און אַ לייג זיך ווידער מאַט.

און אַרײַנגעשטעקט די ציינדלעך
און געהאַלטן לאַנג אַזוי.
עפּל, באַרן, ווײַנשל, פלוימען!
אַך, ווי גוט איר זייט, אוי־אוי!

ביי יאַנקלס טאַטן אין גאָרטן איז געוואַקסן אַן עפּל־בוים. טייערע עפּל זיינען אויף אים געוואַקסן. ער איז געווען ניט קיין הויכער, אַ ברייטער, מיט לאַנגע צווייגן. און עפּל זיינען אויף אים געוואַקסן מיט רויטע באַקן. פון אָנהייב זיינען זיי געווען גרינע, נאָר צום סוף זומער האָבן זיי געגומען צייטיק ווערן, זיינען ביי זיי די באַקן געוואָרן אַזעלכע רויטע, אַז מען האָט זיי פונדערווייטן געקענט איבערציילן צווישן די גרינע בלעטער.

יאַנקל איז אַלע טאָג געלאָפן אין גאָרטן קוקן אויף די עפּל. ער האָט געטראַכט:

— זיי זיינען אַוודאי זייער געשמאַקע! איין עפּל איז געהאַנגען אַזוי נידעריק, אַז יאַנקל האָט אים געקאָנט דערגרייכן מיט דער האַנט; ער האָט נאָר געדאַרפט עט־וואָס אונטערשפּרינגען. אָבער ער האָט דעם עפּל ניט אָפּגעריסן. די מאַמע האָט ניט געהייסן.

איינמאָל קומט יאַנקל צו לויפן אין גאָרטן און זעט: דער עפּל איז ניטאָ. אים איז אַזש הייס געוואָרן: ווו איז אַהינגעקומען דער עפּל?

ערשט דער עפּל ליגט אין גראָז און שמייכלט צו אים.

איז דאָס געווען אַ זיסער, אַ זאַפטיקער עפּל!

## האַרבסט.

קאַלטע גראָע וואָלקן ציען,
און די פֿייגעלעך זיי פֿליען
צום ווייטן לאַנד אַוועק! אַהין, אַהין,
ווו ליכטיק, וואַרעם איז און גרין.
שטיל וועט זיין אָן זאַנג און קלאַנג.
פֿליט אייך, פֿליט, נאָר נישט אויף לאַנג!
אונדז נאָר, קינדער, נישט פֿאַרגעסט!
ווי פֿאַרביי נאָר שניי און פֿרעסט, —
אין דעם זעלבן אויגנבליק
קומט צוריק, קומט צוריק!

—

## האַרבסט.

ס׳איז דער האַרבסט געקומען,
ס׳וועלקן בוים און בלום.
געלע בלעטער, זע איך,
וואַלגערן זיך אום.

ס׳קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פֿייפֿט אַ לידל צו;
און די אָרעמע בלעטער
האָבן ניט קיין רו:

הייבן זיך און טאַנצן
טויטערהייט אָן מאַכט...
און דער ווינט דער בייזער
פֿייפֿט, און שפּילט, און לאַכט.

היינט זייַנען מיר געגאַנגען מיט אַלע קלאַסן צוזאַמען אין וואַלד קלייַבן בלעטער.

עס איז געווען אַ וואַרעמער טאָג. כמעט אַזוי גוט ווי אינמיטן זומער.

נאָר עפּעס איז געווען אַנדערש ווי זומער. די פעלדער בייַ בייַדע זײַטן פון וועג זייַנען געלעגן נאַקעטע, גרויע. פון דער ערד האָבן געשטעקט צעבראָכענע שטרייַעלעך.

פאַרן וואַלד ציט זיך אַ לאַנגע אַלעע. דאָרט וואַקסן הויכע קליאָנעס און בעריאָזעס. האָבן זיי אויסגעזען ווי גאָלדענע. ערטערווייַז זייַנען די בלעטער געווען רויטע. דאָס איז שיין. אָבער ניט אַזוי פרייַלעך ווי זומער, ווען די בלע-טער זייַנען גרין.

קיין ווינט איז כמעט ניט געווען, פונדעסטוועגן זייַנען בלעטער געפאַלן. געפאַלן אַזוי שטיל, פאַמעלעך. ווי אַזוי פאַלן זיי דאָס אַלייַן פון זיך? די לערערין האָט עס אונדז דערקלערט.

דער גאַנצער וועג איז געווען באַשאָטן מיט בלעטער. זיי האָבן אַזוי שייַן געשורשעט אונטער די פיס. מיר האָבן זיי געקליבן. אָנגעקליבן גאַנצע פּעק אויפן וועג. און נאָכ-דעם אין וואַלד האָבן מיר נאָך גענומען בלעטער פון ניס, פון אָליכע און פון אַנדערע ביימער.

מיר האָבן געבראַכט אַ מאַסע בלעטער פון דעם שפּאַציר. די לערערין האָט געזאָגט, אַז מאָרגן וועלן מיר זיי סאָרטירן. אַנדערע וועלן מיר טריקענען און צונויפשטעלן (אַלבאָמען) און פון די איבעריקע וועלן מיר פלעכטן קראַנצן און באַפּוצן מיט זיי דעם קלאַס.

---

## דער וואַלד אין האַרבסט.

— אַך! — ברעכט אַרויס דער וואַלד
מיט שטורעם און געוויין. —
ווו זיינען זיי, וואָס האָבן זיי
געלאָזן מיך אַליין?

איך האָב דאָך איטלעכס פייגעלע
פאַרזאָרגט מיט דירה, קעסט,
געגעבן פרייהייט, שפּרינגט און זינגט,
צי ליגט באַרוט אין נעסט.

און ווי דער ערשטער ווינט פון האַרבסט
האָט זיי נאָר אָנגערירט, —
צעפלויגן זיינען זיי פון מיר,
דעם „זיי-געזונט" פאַרפירט.

---

### ווילדע גענדז.

ווילדע גענדז, וווהין די וואַנדער?
— אין ווייטע לענדער איז די וואַנדער.
ווילדע גענדז, ווער ווייס די וועגן?
— ביי די ווינטן וועלן מיר פרעגן:
ווינט פון דרום, ווינט פון צפון,
ווו איז אונזער זון אַנטלאָפן?

# חיים דער פאָן־טרעגער

אין שול איז דאָ אַ פאָן, אַ זײַדענע מיט זילבערנע שטערנדלעך. דאָס איז די פאָן פון דער שול. חנוכּה איז אַ יום־טוב אין שול. דאַרף מען אָפּריידן, ווער זאָל טראָגן די פאָן פון שול, ווען מען וועט מאַר־שירן בשעתן יום־טוב אין זאַל.

האָבן אַלע קינדער געמיינט, אַז די פאָן דאַרפן געוויס טראָגן די קינדער פון עלטסטן קלאַס, זיי זײַנען דאָך די גרעסטע. די פאָן איז אַ גרויסע, אַ ברייטע. אַ גרויסער ייִנגל דאַרף טראָגן די גרויסע פאָן.

די פאַרזאַמלונג פון אַלע קינדער פון אַלע קלאַסן דאַרף דאָס באַ־שליסן. האָט חיים פון צווייטן קלאַס געבעטן ביי לייבלען, וואָס האָט געהאַלטן דאָס גלעקל אין האַנט, אַז ער זאָל אים לאָזן עפּעס זאָגן.

— איך זאָג, — האָט חיים זיך אָפּגערופן הויך, — אַז די פאָן דאַרף מען געבן טראָגן דווקא אַ קלענערן חבר, פון ערשטן קלאַס!..

— ניין! ניין! — האָבן אַ פולע קינדער געשריען.

— לאָזט אים ריידן! — האָט לייבל געקלונגען.

עס איז שטיל געוואָרן.

— איך זאָג, אַז נאָר אַ קלענערער! — האָט חיים פון צווייטן קלאַס ווײַטער גערעדט. — אַ קלענערער וועט נאָך אַ סך גיין אין שול, און אַ גרעסערער ענדיקט שוין.

אַלע האָבן זיך צעלאַכט, עס איז זיי געפעלן. חיים איז רויט געוואָרן.

— זאָל מען גאָר אים אויסקלײַבן! — האָט אַ געשריי געטאָן וועלוול.

— ווער איז פאַר דעם, אַז חיים זאָל טראָגן אויפן חנוכּה־יום־טוב די פאָן? — האָט געפרעגט לייבל.

כמעט אַלע הענט האָבן זיך אויפגעהויבן: חיים זאָל טראָגן די פאָן.

חײם האָט זיך אויף דעם גאָרניט געריכט, ער איז פון דעם אַלײן נאָך רויטער געװאָרן און אַראָפּגעלאָזן נידעריק זײנע גרויסע אויגן.

* * *

אויף מאָרגן איז חײם געװען פון די ערשטע קינדער אין שול. ער איז געװען אָנגעטאָן אין שבתדיקן רעקל. זײַנע שיך האָבן געגלאַנצט. ער האָט זיך אַלײן פאַרקאַמט די האָר פאַרן שפּיגל.

ס'איז גוט אַ יום־טוב. די קינדער זעען גאָר אַנדערש אויס. אין די קלאַסן איז פרײלעך. מען לאַכט. עס זײנען דאָ מאַמעס, שװעסטער, און טאַטעס אויך. אַזוי פיל מענטשן.

מען הערט שוין פון זאַל, װי די פּיאַנע שפּילט. די עלטערע קינדער זײַנען שוין דאָרט. עס הערט זיך, װי דער כאָר זינגט. באַלד הײבט זיך אָן דער יום־טובדיקער צוג אין ליכטיקן זאַל.

אַלע זײַנען גרײט, אַ פּאָר הונדערט קינדער — אַזאַ סך. מען מאַרשירט איין זאַל אַרײַן.

און חײם? — חײם איז פאַרטראָגן. חײם איז אַ שײַנענדיקער. ער טראָגט פאָראויס די גרויסע פאָן מיט די שטערנדלעך. ער הײבט די פאָן אינדערהויך. די פאָן זאָל אינדערהויך פלאַטערן.

עפנט ברײטער אַלע טירן —

צעזינגט זיך די גאַנצע (מתנה) קינדער. און מען לאָזט זיך גײן אין זאַל אַרײַן. דאָרט ברענען אַ סך לאָמפּן. בײַ די זײַטן זײַנען אַ פולע מענטשן, און אויפן רעכטן מיטן מאַרשירט מען. און די קינדער זינגען אַזוי פרײלעך און געשמאַק.

לײַכט די פּיסלעך, אָט זײ שװעבן...

פאָראויס גײט חײם, דער קלײנער חײם פון צװײטן קלאַס. די הענט אינדערהויך צוזאַמען מיט דער פאָן, דער קאָפּ אויפגעהויבן, די אויגן רײַסן זיך צו דער פאָן.

און דאָ האָט עפּעס געטראָפן. אַלע קינדער האָבן זיך שוין אָפּגעשטעלט און זײַנען שטיל געוואָרן. די פּיאַנע האָט נאָר אַלײן געשפּילט. און חיים האָט גאָרניט באַמערקט; ער איז ווײַט געגאַנגען איבערן זאַל, אַלײן מיט דער פאָן. די פאָן האָט געפלאַטערט, די שטערנדלעך האָבן געפינקלט. אויפן מיטן זאַל איז פּוסט געווען. און די פּיאַנע האָט געשפּילט, און חיים איז געגאַנגען אַלײן מיט דער פאָן; געגאַנגען, ווי אַמאָל, בשעת מען שלאָפט, און עס חלומט זיך...

האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן חיים דער פאָן-טרעגער.

---

## אַ שנײַעלע.

אַ שנײַעלע פליט,
אַ שנײַעלע פאַלט,
די שנײען פאַרשיטן דאָס פעלד און דעם וואַלד.

דאָס טײַכעלע פרירט,
דאָס טײַכעלע שטײט,
דאָס קלאָרינקע טײַכל מיט שנײען פאַרווײט.

דאָס שטיבעלע ווײַס,
די פענצטער מיט אײַז,
בײַם שטיבל אין גערטל אַ ראָב זוכט זיך שפּײַז.

דער ראָב שרײַט „קראַ-קראַ!" —
אַ לשון אַזאַ.
— ראָב, נאַ דיר מײַן קיכעלע, טראַ-לאַ-לאַ-לאַ!

רייזעלע איז אינגאַנצן אַ שוואַרצע — שוואַרצע בעק־לעך, שוואַרצע הערלעך און שוואַרצע אייגלעך.

אָבער רייזעלע האָט געהאַט אַ ווייסע פּאָפּקע, מיט ווייסע בעקלעך. האָט זי אויך געוואָלט האָבן אַזעלכע, ווי ביי דער פּאָפּקע.

האָט זיך רייזעלע צוגעקליבן צום זעקל מעל און איינ־געטונקט דאָס פּנים. די מאַמע וואָלט זי ניט דערקענט, נאָר רייזעלע האָט פאַרגעסן איין בעקל אַיינצוטונקען. האָט זי געהאַט איין באַק אַ ווייסע, די צווייטע — אַ שוואַרצע.

די מאַמע האָט זיך צעלאַכט, און רייזעלע האָט ניט ליב געהאַט, אַז מ׳זאָל לאַכן פון איר. טרערן האָבן זיך געשטעלט אין אירע אייגלעך.

די באָבע האָט געזען, אַז רייזעלע וויינט, האָט זי איר צוגערופן און אַזוי געזאָגט:

— רייזעלע קרוין, באַלד וועט גיין אַ שניי, וועסטו מיטן ערשטן שניי אויסוואַשן דאָס פּנימל, וועסטו ווערן אַ קלאָר ווייס מיידעלע.

האָט רייזעלע אַלע טאָג געקוקט אין פענצטער, צי דער שניי איז שוין אַרויסגעפאַלן.

און ער איז טאַקע אַרויסגעפאַלן.

ס'איז געוואָרן ווײַס דער דאַך, דער ברוק, אַפילו דער בוים, וואָס אַנטקעגן שטוב. אַזוי ווײַס, נאָך ווײַסער, ווי די בעקלעך בײַ דער ליאַלקע.

איז רייזעלע אַרויסגעלאָפן אין דרויסן, גענומען פריי־שינקן שניי — ער איז געווען אַזוי ווייך, אַזוי גלאַט — פוך און פוך און ווײַס. האָט זי גענומען שניי און געוואַשן זיך דאָס פנימל, די בעקלעך — איצט שוין ביידע — און דאָס נעזל, און דעם שטערן, און די אייגלעך.

און שטילינקערהייט איז זי אַרײַן אין שטוב, אַרויפגע־קראָכן אויפן קאָמאָד און אַריינגעקוקט אין שפיגל — צי זי איז שוין אַ ווײַס מיידעלע.

— רייזעלע! ווּהין ביסטו אַרויפגעקראָכן? — האָט די באָבע געפרעגט. — דו וועסט אַראָפפאַלן.

רייזעלע האָט אויסגעדרייט דאָס פנימל צו דער באָבען.

— רייזעלע! וואָס ביסטו אַזאַ רויטינקע? — האָט די באָבע געזאָגט.

— איך האָב מיך אויסגעוואַשן מיט שניי, — האָט רייזעלע געענטפערט. — האָסט דאָך אַליין געזאָגט, באָבעשי.

רייזעלע איז טאַקע ניט געוואָרן קיין ווייסינקע. אָבער זי איז געוואָרן אַ רויטינקע.

נאָר די אייגלעך זיינען געבליבן שוואַרצע.

# אונדזערע חיות.

מיר האָדעווען אין שול אַ פּאָר קיניגלעך, אַ העזעלע, אַ ווייסן פּאַצוקל און טייבעלעך.

מיר האַלטן זיי ניט אין קיין שטייגן. זיי גייען ביי אונדז אַרום פריי. נאָר דער לאַנגאויער איז אַ פּחדן און באַהאַלט זיך הינטערן אַלמער. די איבעריקע האָבן גאָר קיין מורא ניט.

אַ דרייסטער איז דער פּאַצוק. סאַמע אינמיטן דער לעקציע שפּאַצירט ער אַרום איבערן קלאַס! מיט די טייבעלעך איז אויך אַזוי. אינמיטן לערנען דערהערט זיך פלוצלינג איבער די קעפּ: פרו-פרו-פרו — דאָס פליען זיי אַריבער פון אַלמער, וווּ זיי האָבן פאַר זיך אַ קעסטעלע מיט היי, אויפן אויוון. איך האָב ליב צו הערן דאָס פאָכן פון זייערע פליגל.

טשיקאַווע זיינען די קיניגלעך. רק זיי איילן זיך, רק זיי איילן זיך!

היינט האָבן מיר פון די קיניגלעך געהאַט נחת! ביי זיי זיינען געבוירן געוואָרן צוויי יונגינקע!

איז דאָס געווען אין קלאַס אַ שמחה!

מען האָט די ערשטע לעקציע גאָרניט געקענט לערנען!



### שניי־טייבעלעך.

שניי, און שניי, און שנייעלעך,
פּיצינקעלעך, טייבעלעך,
פליען, פליען, זעצן זיך
אויף דער גאָרער וועלט.

ווערט די וועלט אַ ווייסינקע,
פול באַזעצט מיט טייבעלעך,
שניי, און שניי, און שנייעלעך,
פרישינקע, ווי קעלט.

גיי איך — שפּרינגען טייבעלעך;
לויף איך — פליען טייבעלעך,
שניי, און שניי, און שנייעלעך —
מיך פאַרדרייען זיי.

אוי אַ שאָד צו רירן זיי!
אוי אַ שאָד צו טרייבן זיי!
שטיי איך בעסער, ריר זיך נישט—
ס'טוט מיר האַרציק וויי.



## דער ווינט האָט זיך איבערגעבעטן.

### I.

דער ווינט איז אין כּעס געוואָרן אויף דער גאַנצער וועלט. קיינער לאָזט אים זיך ניט אויסרוען בײַ זיך. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אינמיטן פעלד, פאַרקאַשערט די אַרבל, אָנגעגורט די לענדן און גענומען בלאָזן מיט אַלע כּוחות.

קיינמאָל האָט נאָך ניט געטראָפן אַזאַ זאַווערוכע.

אַרום די דערפער און אַרום די שטעטלעך האָבן זיך אָנגעשאָטן בערג פון שניי. הינט זײַנען געשטאַנען בײַ די נאָרעס מיט אויסגעצויגענע העלדזער און געוואָיעט. אומעטום האָט מען פאַרמאַכט די לאָדנס, פאַרריגלט גוט די טירן. נאָר דער ווינט האָט געקלאַפּט אין די אוישאַקעס פון די טירן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַ די קוימענס און געוויינט אַזוי, אַז די גאַנצע וועלט זאָל הערן.

### II.

און אין אַ שטיבל, וואָס איז געשטאַנען בײַם עק שטאָט, האָט געוווינט אַ פרוי מיט צוויי קינדערלעך. דער ווינט האָט פאַרשאָטן מיט שניי דאָס גאַנצע שטיבעלע. די קינדערלעך האָבן זיך געטוליעט צו דער מוטער. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַרן ווינט. די מאַמע האָט זיי

געגלעט איבער די קעפּלעך און געוואָלט אײַנשלעפערן. עס האָט געקלאַפּט דער ווינט אין די פענצטער און ניט געלאָזן שלאָפן.

— מאַמע, גיי בעט דעם ווינט, ער זאָל ניט קלאַפּן אַזוי אין די פענצטער!

דער ווינט איז געשטאַנען הינטערן וואַנט, ער האָט געהערט, וואָס די קינדער פאָדערן פון זייער מאַמען. עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ. דער גוטער ווינט איז אָבער געווען אין כעס אויף דער וועלט.

האָט ער זיך נאָך מער צעוויינט. עס האָט אים וויי געטאָן, וואָס ער לעבט אָפּ זיין לעבן אַזוי ווי אַ הונט אין דרויסן, און קליינע קינדער שרעקן זיך פאַר אים.

.III

— מאַמע, גיי בעט דעם ווינט, ער זאָל אויפהערן צו זיין אין כעס!

די מאַמע האָט אויף גיך אָנגעטאָן די פאַטשיילע, זי האָט אויפגעעפנט די טיר פון פירהויז: עס איז פינצטער, האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט אויפן שוועל און געזאָגט אין דער פינצטערניש:

— ווינט, ווינט, הער אויף צו זיין אין כעס!

האָט דער ווינט ניט געפאָלגט. ער האָט זיך נאָך מער צעבייזערט און אַ שאָט געגעבן דער מאַמען אין

פנים אַריין אַ פולן הויפן שניי. האָט די מאַמע אָפּגע-ווישט דעם שניי פון פנים און געזאָגט צום ווינט אַ צווייטן מאָל:

— ווינט, גוטער ווינט, באַטראַכט זיך וואָס דו טוסט!

האָט איר דער ווינט דאָס מאָל אויך ניט געפאָלגט, נאָר אין פנים האָט ער שוין מיט שניי ניט געשאָטן.

האָט די מאַמע זיך דעמאָלט געווענדט צום ווינט מיט טרערן אין די אויגן:

— ווינט, טייערער ווינט, טו פון די קליינע קינ-דערס וועגן!

## IV.

איז דער ווינט באַלד שטילער געוואָרן. דער שניי האָט ביסלעכווייז אויפגעהערט צו שיטן. הינטער די ראָגן פון די שטיבער האָט זיך נאָך געהערט אַ פּאַר-שטיקטער געוויין, נאָר אַלץ שטילער און שטילער. ביז ער האָט אינגאַנצן אויפגעהערט.

דער ווינט האָט זיך איבערגעבעטן.

און אינדערפרי האָבן אַלע ייִנגלעך אַראָפּגערוקט די היטלען איבער די אויערן, אָנגעטאָן גרויסע הענטשקעס, גענומען רידלען אין די הענט און אָפּגעקערט דעם שניי, וואָס האָט פאַרשאָטן אַלע טירן.

## זיידעשי פראָסט.

אין אַ וואַטע־שפּענצערל,
אין אַ וואַרעם קאַפּטער
גייט אַרום אַ טענצערל,
מיט די פיסלעך קלאַפּט ער.

קלאַפּט ער אויס מיט פיסעלעך
ניגעלעך פון פריידן,
פירט ער ווינטער, פירט ער קעלט,
פירט ער אום זיין זיידן.

און דער ווייסער זיידע פראָסט
בלאָזט אין זיין טרומייטער.
הינקענדיק אויףביידע פיס
היפּערט ער און גייט ער.

גייט ער איבער וואַלד און פעלד,
איבער גראָז און גרעזער.
שפּרייזט דאָס אייניקל מיט אים,
רויטלט אַלע נעזער.

גייען מענטשעלעך אין גאַס,
וואַנדלען אום און האַנדלען,
קויפן און פאַרקויפן זיך
ראָזינקעס מיט מאַנדלען —

אז מען האַנדלט, אײַלט מען זיך,
האָט עס פיינט דער זיידע, —
שטעלט ער אונטער זיינע פיס
הינקעדיקע ביידע.

פאַלן מענטשעלעך אויף גליטש,
קוילערן זיך איבער.
לאַכט דעריבער אַלטער פראָסט,
פרייט ער זיך דעריבער.

גייען זיי טאָג־איין, טאָג־אויס,
אייניקל און זיידע,
ביידע וואַרעם אָנגעפּעלצט,
און גערויטלט ביידע.

זיידע גייט מיושבדיק,
בלאָזט אין זיין טרומייטער,
און אַ פריילעכקייט און קעלט
זייט ער און פאַרשפּרייט ער.

און דאָס קונדֶס־איניקל
מאַכט פון שניי אַ קייקל,
טאַנצט מיט דעם אַרום, אַרום,
זינגט זיך אויף אַ ביי־קול.

זינגט און טענצלט אין דער וועלט,
טאַנצט ער אויף חידושים.
כאַפּט דער זיידע אויף די הענט
און דערלאַנגט אַ קוש אים.

נאָר ביינאַכט, ווען ס׳דרעמלט שוין
זיידעשי אַ מידער,
אויסגעצויגן אין דער לענג,
אין דער ברייט די גלידער;

און לבנה, שטערנדלעך
הייבן אָן צו קומען, —
גנבעט זיך דאָס טענצערל,
מאָלן וויל ער בלומען.

גנבעט ער זיך שטיל אַרויס,
שטיל זיך אויפגעהויבן,
לויפט ער צו די פענצטערלעך
צו באַמאָלן שויבן.

טענצלט ער ביי פענצטערלעך
פון דער ערד דערהויבן;
מאָלט ער ווייסע צווייגעלעך,
צווייגעלעך און טויבן.

טייבעלעך און בלעטעלעך,
צעטעלעך לאָזט איבער
אָט דער קליינער טענצערל,
דער קונדסל דער ליבער

כאַפּט זיך אָבער זיידע אויף
פון אַ סקריפּ פון שליטן
פונקט אינמיטן איינדרעמלען,
סאַמע אינדערמיטן;

כאַפּט ער זיך — דאָס אייניקל
איז אים ווי פאַרפאַלן!
הייבט ער אָן צו יאָגן אים:
הייבט ער אָן צו פאַלן.

פאַלט ער און ער גוואַלדעוועט,
האַלט ער אין איין שרייען,
אַז ער האָט ניט ליב די „קונץ" —
צאַצקעס, מאַלערייען!

און ער פּאַקט אים ערגעץ־ווו,
ערגעץ ביי אַ טויער;
כאַפּט ער אים מיטביידע הענט,
דרייט אים אָן אַן אויער.

און ער לייגט אים ביי דער זייט
לעבן זיך צו שלאָפן;
און אַ קיילעכדיקע נאַכט
טוט ער אים נאָר שטראָפן:

„סטייטש אַזוי און סטייטש אַזוי!
וואָס איז פאַר אַן אופן!
נאַכט ביי נאַכט ניט שלאָפן גאָר,
גאַנצע נעכט צו לויפן?!

האָרכן דאַרף אַן אייניקל!
סאַר אַ נייע נייסן!
ווען סטו ניט געהאָרכן מער —
וועל איך זיכער שמייסן".

שטראָפט, און בייזערט זיך, און ברומט,
מוסר זאָגט דער זיידע,
און ביז סאַמע, ביז פאַרטאָג
הערט מען — שנאָרכן ביידע.



# פייגל-דערנערונג.

מיר האָבן שוין לאַנג איינגעאָרדנט אין שול אויפן הויף אַ פּלאַץ, וווּ מיר קאָרמען פייגל. פּונקט אַנטקעגן די פענצטער פון אונדזער קלאַס איז פאַראַן אַ הויך בערגל פון שטיינער און אַלטע ציגל. האָבן מיר אָפּגערייניקט דעם שניי, אויסגעגלייכט די ציגל, פאַרדעקט מיט זאַמד, און ס'איז געוואָרן אַ פייגל-טיש.

אַלע טאָג שיטן מיר דאָרט אויס ברעקלעך ברויט. אַמאָל קערנער, גרויפּן, אַרבעס. די פייגלעך קומען און פּיקן. און מיר קוקן אויף זיי פון פענצטער. ס'איז כדאי צו זען, ווי די שפּערלעך כאַפּן איינע פון די אַנדערע דאָס עסן. אוי, האָבן זיי ליב צו רייסן זיך

היינט האָט מען געוועז פאַרגעסן אָנצוגרייטן פאַר די פייגל עסן. זיינען די פייגעלעך געקומען צו פליען און האָבן גאָרנישט געפונען. פלעגט אַ פייגעלע אַרויספליען אויפן טיש, טאָן אַ שפּרונג אַהער, אַהין, אַן אומעטיקע אַרומקוקן זיך, און אַוועקפליען.

אונדז איז אַלעמען געווען אַ צער צו קוקן אויף די הונגעריקע. האָבן מיר צונויפגענומען פון אונדזערע אָנבייסנס שטיקלעך ברויט און קוכן און אַרויסגעטראָגן. גלייך זיינען אָנגעפלויגן פייגל — מיט אַ פּיש-טשעריי, מיט אַ פרייד. פונוואַנען האָבן זיי זיך גענומען? אפשר, אַז זיי האָבן ערגעץ פונדערנאָענטן געוואַרט דערויף.

די לערערין האָט אונדז היינט דערציילט, אַז ס'איז פאַראַן אַזאַ לאַנד נאָרוועגיע. מאַכט מען דאָרט סעודות פאַר די פייגל אַזוי: מען שטעלט אַרויס אויף ביימער, אויף הויכע שטעקנס און אויף די דעכער גאַרבן מיט פולע זאַנגען.

און נאָך האָט אונדז די לערערין דערציילט, אַז ביי אונדז יידן איז אויך פאַראַן אַן אַלטער מנהג צו וואַרפן שבת-שירה קאַשע פאַר די פייגל אויף די דעכער.

# אַ מעשה מיט אַ האָז.

## I.

אַ האָז האָט ווינטער געוווינט לעבן דאָרף. אַז ס'איז אָנגעשטאַנען די נאַכט, האָט ער אויפגעהויבן איין אויער, צוגעהערט זיך; נאָכדעם אויפגעהויבן דעם צווייטן אויער, אַ ביסל אַ דריי געטאָן די וואָנצעס, אַ שמעק געטאָן און זיך אַוועקגעזעצט אויף די הינטערשטע לאַפּקעס. נאָכדעם האָט ער געטאָן אַ שפּרונג איינמאָל, צוויי מאָל איבער דעם טיפן שניי, ווידעראַמאָל זיך אַוועקגעזעצט אויף די הינטערשטע לאַפּקעס און גענומען זיך אַרומקוקן. אַרום און אַרום האָט זיך גאָרנישט ניט געזען אויסער דעם שניי. דער שניי איז געלעגן כוואַליעסווייז און האָט געגלאַנצט ווי צוקער. איבער דעם האָזס קאָפּ איז געהאַנגען אַ פּראָסטיקער נעפּל און דורך דעם נעפּל האָבן זיך געזען גרויסע העלע שטערן.

דער האָז האָט געדאַרפט אַריבערגיין דעם גרויסן שליאַך, כּדי ער זאָל קאָנען צוקומען צו אַ באַקאַנטן שייער. אויפן גרויסן שליאַך האָט זיך געהערט, ווי עס סקריפּען שליטנס און עס ניסן פערד.

דער האָז האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט לעבן וועג. פּויערים זיינען געגאַנגען לעבן די שליטנס מיט אויפגעהויבענע קאָלנערס פון די שערמיגעס. קוים־קוים וואָס די פּנימער זייערע האָבן זיך געזען. די בערד, די וואָנצעס און די ברעמען זיינען ביי זיי געווען ווייסע. פון די מיילער און פון די נעזער איז ביי זיי געגאַנגען אַ פּאַרע. די פערד זיינען געווען פאַרשוויצטע, און דער שוויים איז פאַרפראָרן געוואָרן. צוויי זקנים זיינען געגאַנגען איינער לעבן צווייטן און עמעצער פון זיי האָט דערציילט, ווי מען האָט ביי אים געגנבעט אַ פערד.

## II.

אַז די פורן זיינען דורכגעפאָרן, איז דער האָז אַריבערגעשפּרונגען איבער דעם וועג און אַוועק מיט לייכטינקע טריט צום שייער. אַ הינטל,

וואָס איז געלאָפן נאָך די פורן, האָט דעם האָז דערזען. האָט ער אָנגע־הויבן בילן און געלאָזט זיך נאָך אים לויפן. דער האָז איז אַוועקגעשפרונ־גען איבער די שניי־קופּעס צו דעם שייער. דעם האָז האָט דער שניי אויפגעהאַלטן, אָבער דער הונט איז ביי דעם צענטן טריט פאַרזונקען געוואָרן אין שניי און האָט זיך אָפּגעשטעלט. דעמאָלט האָט זיך דער האָז אויך אָפּגעשטעלט. איז אַ ווײַלע געזעסן אויף די הינטערשטע פיסלעך און נאָכדעם פּאַמעלעך אַוועק צום שײַער. גייענדיק האָט ער אויף דעם קאָרנפעלד באַגעגנט צוויי האָזן. זיי האָבן זיך געפּיטערט און געשפּילט. דער האָז האָט זיך אַ ביסל געשפּילט מיט די חברים, צוזאַמען מיט זיי פונאַנדערגעגראָבן דעם געפראָרענעם שניי, פאַרזוכט ווינטערדיקע קאָרנ־בלעטלעך און איז אַוועק. אין דאָרף איז געווען שטיל. די פייערן — אויס־געלאָשן. עס האָט זיך נאָר דורך די ווענט געהערט, ווי אַ קינד וויינט אין אַ כאַטע, און ווי דער פראָסט קנאַקט אין די קלעצער פון די ווענט. דער האָז איז אַוועק אין שייער און האָט דאָרט געפונען חברים. ער האָט מיט זיי געשפּילט אויפן ריינעם טאָק, פאַרזוכט אַ ביסל האָבער פון אַן אָנגעהויבענער קופּע. איבערן דאַך איז ער אַרויפגעקראָכן אויף דעם היי־שפּייכלער, איז אַריבער דעם פּאַרקאַן און צוריק אַוועק צו זיך אין טאָל.

אויף מזרח האָט שוין געהעלט דער באַגינען, שטערן זיינען געוואָרן ווייניקער, און דער פראָסטיקער נעפּל האָט זיך נאָך גערדיכטער אויפגע־הויבן איבער דער ערד. אין דאָרף זיינען די ווייבער אויפגעשטאַנען און אַרויס נאָך וואַסער. די פּויערים האָבן געטראָגן פוטער פון די שייערן, קינדער האָבן געשריען און געוויינט. איבערן וועג זיינען נאָך מער פורן געפאָרן און די פּויערים האָבן העכער גערעדט.

דער האָז איז אַריבערגעשפרונגען איבערן וועג, געקומען צו זיין אַלטער נאָרע, האָט אויסגעזוכט ווו העכער איז, פונאַנדערגעגראַבלט דעם שניי, צוגעזעצט זיך אין דער נייער נאָרע, אויסגעלייגט די אויערן איבערן רוקן און איז מיט אָפענע אויגן אַנטשלאָפן געוואָרן.

# מאָטל קונדס.

הײַנט איז פּורים — בין איך פֿרײַלעך —
זעט אַן אויסזען, קוקט אַ הֶלך!
אויפֿן קאָפּ טראָג איך אַ קאַסקע,
און דאָס פּנים — אין אַ מאַסקע.

זאָגט, ווער בין איך, אַדרבא, —
צי אַ זיידע, צי אַ באָבע?
אפשר בין איך אַלע ביידע:
אי אַ באָבע, אי אַ זיידע!

רופֿט מיך אָן מיט יעדן נאָמען —
מרדכי, אסתּר, נאָר ניט הָמן.
רופֿט מיך קאָפּל, רופֿט מיך נאָטל,
נאָר ניט רופֿט מיך קונדס מאָטל.



# פרילינג-וועסערלעך.

באַרג-אַראָפּ, באַרג-אַראָפּ קייקלט זיך אַ וואַסערל דורך דעם צעגיי-ענדיקן שניי.

קייקלט זיך און מורמלט: מור-מור-מור. שטאַרק פאַרטאָן, אין גרויס אײַלעניש.

שפּרינגט פון דער אַנדער זײַט אַ צווייט וואַסערל, אויך אײַלנדיק, אויך מורמלענדיק. קייקלען זיי זיך איינס לעבן דעם אַנדערן.

— גאָט העלף, שוועסטער!

— אַדאַנק. גאָט העלף דיר אויך.

— גוט, שוועסטער? פרײַלעך, האַ?

— זייער גוט, זייער פרײַלעך.

— סוף-כּל-סוף באַפרייט זיך פון דער קלעם בײַ דעם פראָסט — כאַ-כאַ-כאַ! פיין! וואַרעם! די זון שײַנט!

— יאָ, פיין, אַ מחיה.

— וווהין אײַלסטו, שוועסטער?

— ווײַט, טײַערע מײַנע, זייער ווײַט. אין טײַך אַרײַן. כ'וויל זײַן פון די ערשטע, די ערשטע דעם אײַז ברעכן, אונדזערע שוועסטער באַפרייען פון דער קלעם. און וווהין אײַלסטו?

— איך אויך צום טײַך, די וועסערלעך וועקן פון פאַרגליווערטן אײַז, צוזאַמען פלייצן אין דער ווײַטער וועלט, אפשר צום גרויסן ים שווימען!

— טאָ לאָמיר צוזאַמען! ווילסט?

— צוזאַמען, יאָ. צוזאַמען איז פרײַלעכער, צוזאַמען זײַנען מיר שטאַרקער.

און בײדע וועסערלעך האָבן זיך צונויפגעגאָסן. און ס'איז געוואָרן אַ ריטשקע.



# ווען דער טייך איז אַוועק.

דער אַייז אויפן טייך האָט געפּלאַצט. דאָס וואַסער איז אַרויס פון די ברעגעס. גרויסע אַייז־קריעס האָבן זיך געטראָגן מיטן שטראָם, איינע אָן די אַנדערע זיך אָנגעשטויסן, געבראָכן און געקנאַקט.

די גאַס אויפן נידעריקן ברעג איז שוין געלעגן איינגאַנצן אונטערן וואַסער. אַלע אַיינוווינער פון גאַס זיינען באַצייטנס אַוועק פון זייערע הייזער אין זיכערע ערטער. נאָר איין פרוי מיט אירע צוויי קליינע קינדער האָט ניט באַוויזן זיך צו ראַטעווען. זי איז געשטאַנען אין פענצטער פון איר הילצערן הייזל און האָט געשריען.

אַנטקעגן, אויפן הויכן ברעג טייך, זיינען געשטאַנען אַ פולע מענטשן. זיי האָבן געזען די פרוי, געהערט איר געשריי. נאָר העלפן איר האָבן זיי ניט געקענט. אַ שיפל איז גראָד געווען, נאָר קיינער האָט ניט געוואַגט לאָזן זיך שווימען איבער דעם שטורעמדיקן טייך דורך די שרעקלעכע קריעס. ס'איז געווען אַ גרויסע סכּנה.

דערווייל איז צוגעגאַנגען אַן אומבאַקאַנטער מענטש. ער האָט אויסגעזען ווי אַן אַרבעטער. ער האָט דערזען, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט ער זיך גלייך אַריינגעזעצט אין שיפל און געלאָזט זיך שווימען צו דער אומגליקלעכער פרוי.

עס איז ניט לייכט געווען גובר צו זיין דעם שטראָם, מלחמה צו האַלטן מיט דעם אַייז. אָבער דער מענטש איז געווען אַ שטאַרקער. ער איז צוגעשוואומען צום הייזל און אַריינגענומען די פרוי מיט אירע קינדער אין שיפל.

דאָס שיפל איז אָפּגעשוואומען קוים אַ צען מעטער פון דעם אָרט, ערשט אַ גרויסע קריע האָט דערלאַנגט אַ זעץ אין די ווענט פון שטיבל. די ווענט זיינען גלייך איינגעפאַלן. דאָס וואַסער האָט די צעפאַלענע קלעצער אַ טריב געטאָן מיטן שטראָם. פון שטיבל איז קיין סימן ניט געבליבן.

אָבער די פרוי מיט די קינדער זיינען שוין געווען אויסער געפאַר. דער אומבאַקאַנטער האָט זיי בשלום געבראַכט אויף דעם צווייטן ברעג.

געווען אַמאָל אַ מיידעלע חנהלע.

ס׳איז געווען פאַר פסח. אַלע קינדער האָבן שוין געהאַט נייע קליידעלעך מיט נייע שיכעלעך אויף יום־טוב. נאָר חנהלע האָט גאָרנישט געהאַט.

חנהלע האָט אַלץ געוואַרט אויף שיכעלעך און אַ קליי־דעלע, נאָר ס׳איז שוין ערב־פסח אָנגעקומען, און קיין שיכעלעך און קיין קליידעלע איז נאָך אַלץ ניט געווען.

חנהלע האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער פריזבע. זי האָט זיך געשעמט ווייזן זיך פאַר די חברטעס.

חנהלע האָט זיך צעוויינט.

מיטאַמאָל האָט זיך באַוויזן אַן אַלטער מאַן מיט אַ לאַנ־גער ווייסער באָרד, מיט לאַנגע ווייסע ברעמען, און מיט אויגן ליכטיקע ווי שטערן. ער איז צוגעגאַנגען און געפרעגט:

— מיידעלע, מיידעלע, וואָס וויינסטו?

— ווי אַזוי זאָל איך ניט וויינען! אַלע קינדער האָבן נייע שיכעלעך און קליידעלעך אויף יום־טוב און איך ניט.

— שאַ, מיידעלע, וויין ניט. נאַ דיר אַ שפּילעכל, אַ גאָלדן קייקעלע.

און דער אַלטער איז פאַרשוווּנדן.

חנהלע האָט געגומען באַטראַכטן דאָס קייקעלע, האָט זיך דאָס קייקעלע אַרויסגעגליטשט פון די הענט און אָנגע־הויבן קייקלען.

חנהלע האָט זיך געלאָזט לויפן נאָך דעם קייקעלע.

דאָס קייקעלע קייקלט זיך באַרג אַרויף — חנהלע לויפט באַרג אַרויף. דאָס קייקעלע באַרג אַראָפּ — חנהלע באַרג אַראָפּ.

ביז דאָס קייקעלע האָט זיך פאַרקייקלט טיף־טיף אין וואַלד אַריין.

חנהלע איז שוין מיד. נאָר דאָס קייקעלע קייקלט זיך אַלץ ווייטער און ווייטער.

מיט אַ מאָל האָט זיך באַוויזן אַ שטיבעלע. דאָס קייקע־לע האָט זיך אין שטיבעלע אַריינגעקייקלט. חנהלע איז נאָך דעם קייקעלע אין שטיבעלע אַריין. האָט זי אין שטיבעלע דערזען:

אַ גאָלדן בעטעלע, מיט רויטע זיידענע קישעלעך. דאָס קייקעלע האָט זיך אונטערן בעטעלע אַרונטערגעקייקלט און דאָרט געבליבן ליגן.

חנהלע האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דעם גאָלדענעם בעטעלע און איז אַיינגעשלאָפן.

שלאָפט חנהלע אויפן בעטעלע, און אונטן — איר גאָלדן קייקעלע.

גאַנץ פרי האָט זיך חנהלע אויפגעכאַפּט. דערזעט זי אין שטיבל אַ קליין טירעלע. עפנט זי דאָס טירעלע און גייט אַריין אין אַ קליין שטיבעלע.

זעט זי אויף אַ טיש אַ גאָלדן קליידעלע, גאָלדענע שיכעלעך, זיידענע זעקעלעך און אַ רויט זיידן סטענגעלע.

חנהלע האָט אָנגעטאָן דאָס קליידעלע — פּונקט נאָך איר מאָס. זי האָט אָנגעטאָן די שיכעלעך — אַקוראַט גוט. האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט.

איצט דאַרף מען גיין אַהיים.

איז זי צוגעגאַנגען צו איר קייקעלע און זאָגט:

קייקעלע, קייקעלע,<br>
פיר מיך פון וועלדעלע<br>
צו מיין מאַמען אין שטיבעלע.

— טור־טור־טור, — האָט דאָס קייקעלע זיך אָנגעהויבן קייקלען. חנהלע איז נאָכגעגאַנגען נאָך דעם קייקעלע.

דאָס קייקעלע אַרויף באַרג — חנהלע אַרויף באַרג. דאָס קייקעלע אַראָפּ באַרג — חנהלע אַראָפּ באַרג. ביז זי האָט דערזען איר מאַמעס שטיבעלע.

איז זי אַ פריילעכע אַריינגעלאָפן אין שטיבעלע אַריין.



# אונדזער קלאַס אין פרי־יאָר.

איר װאָלט נאָר אַ בליק טאָן, װאָס עס טוט זיך אין אונדזער קלאַס!
דאָ איז אַ װאַלד, און אַ טײַך, און אַ גאָרטן — אַלץ װאָס איר װילט!

אין כלים מיט װאַסער שטײען בײַ אונדז צװײַגעלעך פון אַלערלײ
בײמער. װאָלט איר נאָר זען, װי די קנאָספּן װערן עס אױף די צװײַגע־
לעך אָנגעשװאָלן. אַנדערע קנאָספּן האָבן זיך שױן צעשפּאָלטן, און גרי־
נינקע עקעלעך קריכן פון זײ אַרױס. — דאָס האָט איר אונדזער װאַלד!

נאָכדעם גײט דער טײַך: אין גלעזערנע סלאָיעס שװימען בײַ אונדז
אַרום קאָפּ־עקעלעך. מיר האָבן פון טײַך געבראַכט רױגן פון פרעש.
איצט זײַנען שױן פון די שװאַרצינקע פּינטעלעך געװאָרן לעבעדיקע באַ־
שעפענישן. איר װאָלט נאָר זען, װי זײ שװימען אַרום דרײַענדיק מיט
די עקעלעך!

און אין קעסטלעך מיט ערד האָבן מיר פאַרזײט בעבלעך און אַר־
בעס און ציבעלע — און דאָס אַלץ איז שױן אױפגעגאַנגען.

מיר האָבן באַשלאָסן אױסצוהאָדעװען אַזױ פיל פרעש, װיפיל קינדער
עס זײַנען פאַראַן אין אונדזער קלאַס, און נאָכדעם צעטײלן זיך מיט זײ.
איך האָב אָבער מורא, אַז ס'װעט זיך ניט אײַנגעבן. נו, װעלן מיר
זען שפּעטער.

און די אַרבעס, און די בעבלעך, און די ציבעלע האָבן מיר באַ־
שלאָסן אַריבערצופלאַנצן אין אונדזער שול־גאָרטן.

װאָרעם מיר האָבן אַ שול־גאָרטן אױך. און אונדזער קלאַס װעט
אַלײן באַאַרבעטן גאַנצע דרײַ בײטן!

און אַז אַלץ װעט אױסװאַקסן, צום סוף זומער, װעלן מיר מאַכן
אַ סעודה פון אונדזערע אײגענע גרינסן.

# דאָס ליד פון פראָש.

געוועזן אַ פראָש אין אַ גרין־סאַמעט קלייד,
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק.
מיט אַ שירצל אַ ווייסן פון פאָרנט פאַרשפּרייט,
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק.

זיין קאַמער געפּלאַכטערט פון לויטער אַיר,
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק.
פון שטראַלן די פענצטער, פון וואַסער די טיר,
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק.

האָט געפּינטלט דער פראָש מיט אייגעלעך שמאָל,
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק.
ווער האָט אַזאַ מאַנטל און ווער — אַזאַ קול? —
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק.

פון ברעג אינעם טייך און פון טייך אויפן ברעג, —
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק, —
אַ זונג און אַ שפּרונג, אַזוי גייען די טעג —
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק.

ביז געקומען אַ בושל אַ הויכער צו גיין,
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק,
די פּיס — ווי די שפּענער, דער שנאָבל — ווי שטיין,
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק.

גענומען דעם פראָש מיטן גרין־סאַמעט קלייד,
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק, —
און די קינדערלעך זיינע אַ סעודה געגרייט,
קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק, קוואַק־אַ־קוואַק.

# די בינען אין אָנהייב פרילינג.

ס'איז אָנגעקומען פרילינג. פון דער זון איז דער שניי אויף די פעלדער געוואָרן צעשמאָלצן. צווישן די פאַראַיאָריקע גרעזער האָבן זיך גענומען באַווייזן פרישע גרינע גרעזעלעך. אויף דיביימער האָבן זיך געעפנט די קנאָספּן, און ס'זיינען אַרויס פון זיי די יונגע בלעטעלעך. די בין האָט זיך אויפגעכאַפּט פון איר ווינטערשלאָף, האָט אויסגעריבן די אייגלעך מיט די האָריקע לאַפּקעס און אויפגעוועקט אירע חברטעס.

זיי האָבן אַרויסגעקוקט אין דרויסן, צי איז שוין דער שניי צעגאַנגען, צי איז שוין דער קאַלטער ווינטער פאַרשווונדן. און די בינען האָבן דערזען, אַז די זון שיינט העל, אַז אומעטום איז ליכטיק און וואַרעם. זיינען זיי אַרויס פון בינשטאָק און אַוועקגעפלויגן צום עפּלבוים.

— האָסטו אפשר, עפּלביימעלע, עפּעס־וואָס פאַר אונדז? מיר זיינען פאַרחלשטע, פאַרשמאַכטע פון הונגער.

— ניין, בינעלעך, איר זייט צו פרי געקומען, מיינע בלומען זיינען נאָך באַהאַלטן אין די קנאָספּן, — האָט דער עפּלבוים געענטפערט, — פרעגט זיך נאָך ביים קאַרשנבוים, אפשר האָט ער עפּעס פאַר אייך

זיינען די בינען אַוועקגעפלויגן צום קאַרשנבוים:

— טייערער קאַרשנבוים, האָסטו אפשר עפּעס־וואָס פאַר אונדז, הונגעריקע בינען?

— קומט מאָרגן, ליבינקע, — האָט דער קאַרשנבוים געענטפערט, — היינט איז נאָך אויף מיר קיין איין בלימל ניטאָ. אפשר וועלן זיי זיך מאָרגן פונאַנדערלאָזן, וועל איך אייך מיט פאַרגעניגן געבן.

די פאַרשמאַכטע בינען האָבן שוין געוואָלט אומקערן זיך היים מיט גאָרנישט. נאָר פלוצלונג האָבן זיי אונטער א קוסט דערזען א קליין בלאָ בלימעלע, דאָס איז געווען א פיילכנדל.

און דאָס פיילכנדל האָט געעפנט פאַר די בינען איר בעכערל, וואָס איז פול געווען מיט זיסן שמעקעדיקן זאַפט. די הונגעריקע בינען האָבן זיך אָנגעגעסן, אָנגעטרונקען און זיינען אוועקגעפלויגן אהיים זאַטע און פריילעכע.

---

## די בין.

פון איר קליינעם קעמערל
זשומענדיק א זמרל
קומט אַרויס די גאָלדענע
רירעוודיקע בין.

נעמט זי נאָר, וואָס וויכטיק איז,
ריכטיק זיס און ציכטיק איז,
קלייבט זי נאָר, וואָס נוצלעך איז,
מיידט זי אויס, וואָס ס'שאַדט.

זעט זי, ווו א בייטעלע
שפירט זי, ווו א קווייטעלע, —
שפרייטנדיק די פליגעלעך
לאָזט זיך זי אהין.

די אַרבעט האָט פאַרמאַטערט זי,
פריילעך אָבער פלאַטערט זי
מיט איר גרויסן אוצרל
אין איר קליינעם הויז.

זוכנדיק און שמעקנדיק,
פרווונדיק און לעקנדיק
אונטער יעדן גרעזעלע,
אונטער יעדן בלאַט, —

ווען זי האָט געפונען שוין,
וואָס זי דאַרף, אין זונענשיין,
אַרבעט זי אין פינסטערניש
זיסן האָניק אויס.

די קערנער, וואָס האָבן
ניט געוואָלט וואַקסן.

דער פויער האָט זיך געמיט איבער זיין פעלד, געמיס־טיקט, געאַקערט, געבראָנעוועט, געזייט און ווידער געבראָ־נעוועט, נאָר די קערנדלעך האָבן זיך פאַרגראָבן אין דער ווייכער ערד ווי אין אַ פּוכענער פּערינקע און ניט געוואָלט וואַקסן.

דער פּויער איז אַלע פרימאָרגן געקומען זען, צי די קערנדלעך וואַקסן. אָבער דאָס פעלד איז גראָ, נאַקעט, קיין בלעטעלע גרינט ניט. איז דער פּויער געווען שטאַרק צעטראָגן:

— וואָס וועט עס זיין, די קערנער וואַקסן ניט, ס'וועט ניט זיין קיין ברויט פאַר די קינדער!

האָט עס דער זון אויך פאַרדראָסן: טאַקע, וואָס עפּעס איז דאָס פעלד נאַקעט? פאַרוואָס זאָל עס טאַקע פאַר די קינדער קיין ברויט ניט זיין?

האָט די זון אָנגעקלאַפּט צו די קערנער אין די קעמערלעך:

— היי, פוילאַקעס! וואָס שלאָפט איר דאָרט? פאַרוואָס וואַקסט איר ניט?

די קערנדלעך האָבן געענטפערט:

— מיר ווילן ניט וואַקסן. דאָ איז אונדז גוט, ווייך, וואַרעם. אויבן אויף דער ערד וועט אונדז שמייסן דער ווינט, בייסן די קעלט, ברענען די היץ. און נאָכדעם וועלן אונדז מענטשן אָפּשניידן, און שלאָגן מיט דרעשערס, און מאָלן צווישן שטיינער. ניין, מיר ווילן ניט וואַקסן.

פרעגט די זון:

— ווי־זשע? זאָל דאָס פעלד אַ גאַנץ זומער בלייבן נאַקעט? גראָ? זאָל פאַר די קינדער קיין ברויט ניט זיין? דאָס איז עפּעס אַ תּכלית, וואָס?

— טאַקע ניט גוט, — ענטפערן די קערנדלעך, — אָבער וואָס זיינען מיר שולדיק? יעדער זוכט, וואָס עס איז פאַר אים בעסער.

— אַזוי גאָר? — האָט זיך די זון צעפלאַמט, — יעדער זוכט נאָר, וואָס פאַר אים איז בעסער? טראַכט איר נאָר וועגן זיך. און פאַר דער שיינקייט פונעם זומער אַרט אַייך ניט? און אויף די קינדער איז אַייך גאָר קיין רחמנות ניט? טאָ וואַרט־זשע אַקאָרשט, איך וועל אַייך ווייזן!

און די זון האָט אַרויסגעלאָזט אַ גאַרב זודיקע שטראַלן. אַזעלכע לאַנגע גאָלדענע, כוואַשטשעדיקע, ווי לאָזענע רי־טער, שטראַלן, און האָט גענומען שמייסן מיט זיי די קערנדלעך:

— וואַקסט, פוילאַקעס! וואַקסט! וואַקסט! צי איר ווילט, צי איר ווילט ניט — וואַקסט! זאָלן די זומערדיקע פעלדער זיין שיינע און גרינע, זאָלן דעם פויערס קינדער זיין זאַטע! וואַקסט!

די קערנער האָבן גענומען שרייען:

— אוי, זונעלע, מירן שוין וואַקסן, שמייס ניט אַזוי, ברען ניט אַזוי, באַק ניט אַזוי!

און זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן וואַקסן געשווינט, ווי אויף הויוון.

און אין איין וואָך זיינען זיי שוין אויסגעוואַקסן ביז די קני. און נאָך אין אַ וואָך ביזן גאַרטל, און נאָך אין אַ וואָך האָבן זיך אין זיי דעם פויערס קינדער ביז איבערן קאָפּ באַהאַלטן.

אָט אַזוי־אָ זיינען זיי עס געוואַקסן.



## דאָס ביימעלע.

אויפן גרינעם בערגעלע
וואַקסט אַ יונג ביימעלע,
וויל דאָס ביימעלע ניט שלאָפן,
די לבנה טוט עס שטראָפן:

— „צייט צו דרעמלען, ביימעלע,
אויפן גרינעם בערגעלע!"
אַזוי זאָגן אויך די שטערן.
נאָר דאָס ביימל וויל נישט הערן,

וויל נישט צומאַכן די אויגן.
איז אַווינטל צוגעפלויגן:
— „ביימל, ביימל! רויק זיין!"
און שאָקלט עס, און וויגט עס איין.

וויגט אַהער, און וויגט אַהין —
מוז איינשלאָפן ביימל גרין.
דרעמלט איין דאָס ביימעלע
אויפן גרינעם בערגעלע.

# אונדזער שול-גאָרטן.

מיר האָבן שוין אָנגעהויבן אַרבעטן אויף אונדזער שול-גאָרטן. דריי בייטן וועט אונדזער קלאַס האָבן. קיין בייטן זיינען נאָך ניטאָ, אָבער באָדן האָבן מיר אויף דריי גרויסע לאַנגע בייטן.

היינט האָבן מיר דעם באָדן אַליין צעגראָבן. יעדער האָט מיט זיך פונדערהיים געבראַכט אַ גראָב-אייזן און האָט געגראָבן.

וואָס וועלן מיר פאַרזעצן, איז נאָך ניט באַשטימט. נאָר זיכער, אַז מיר וועלן אַלע פלאַנצן, וואָס מיר האָבן אין קלאַס אין טעפּלעך, אַריבער-זעצן אויף די בייטן. אָבער דאָס וועט פאַרנעמען ווייניק אָרט.

איך האָב פאָרגעשלאָגן, מען זאָל אויך דאָס לאָזנע צווייגל, וואָס שטייט ביי אונדז אין אַ קרוג מיט וואַסער, איינפלאַנצן אויף אונדזערע בייטן. מע וועט די פראַגע מאָרגן באַטראַכטן. אויב מען וועט פאַרפלאַנצן דאָס צווייגל און ס'וועט זיך צונעמען, וועלן מיר שוין האָבן אַן אייגענעם בוים. אָט דאָס וואָלט געווען גוט!

נו, מירן שוין מאָרגן וועגן דעם ריידן. דערווייל דאַרף איך גיין קריגן באָב. וואָרעם באָב וועלן מיר פאַרזעצן גאָר אַ פולע. באָב זיינען געשמאַק.



## ר ע ג ן.

קינדערלעך, אוי, קינדערלעך!
אַ רעגנדל גאָר ווונדערלעך,
שמעקעדיקע טראָפּעלעך!
אַ רעגנדל איז גאָטס גענאָד,
קומט אַרויס און טאַנצט אַ ראָד
מיט בלויזע פיס און קעפּעלעך!

גאָרנישט קלערן, גאָרנישט פרעגן,
קינדער וואַקסן אויפן רעגן,
ווי די בלומען, ווי די זאַנגען.
נאַקטע קעפּעלעך, נאַקטע פיס —
וואַקסט פון יעדן קינד אַ ריז,
ביזן הימל צו דערלאַנגען.



# דונער און בליץ.

ווען זומער איז געוואָרן, האָט מען אויפן הימל ניט געוווסט, ווער זאָל מען שיקן צו די מענטשן אָנזאָגן, אַז ס'איז שוין נאָך ווינטער. האָט מען געפרעגט:

– ווער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד מיט דער בשורה?

האָט זיך דער דונער אָפּגערופן:

– איך, דונעררר, נידעררר אררראָפּ מיט בליץ מיין בררררודעררר...

האָט מען זיי געשיקט.

בליץ האָט געטאָן אַ פלי פון עק הימל ביז עק ערד, אַ שפּרונג – אַריבער יַמים, אַריבער בערג – און ניטאָ, פאַרשוווּנדן.

דער דונער האָט זיך נאָך אים גענומען יאָגן, און דעריאָגן ניט געקענט; געזוכט, און געפינען ניט געקענט. האָט ער אַ דערשראָקענער געשריען:

– בררררודער! ווו ביסטו, ברררודעררר!

און אַלע בערג און אַלע וועלדער האָבן אים געהאָלפן רופן און געהילכט:

– בררר-דררר! בררר-דררר!



## מ אַ י.

אינעם פרישן גרינעם מאַי
איינס=צוויי! איינס=צוויי!
מיר מאַרשירן טריט ביי טריט!
די קעפּ אַרויף די בליקן פעסט!
און די ברוסט אַרויסגעפּרעסט!
מיר פאָרכטן זיך פאַר קיינעם ניט!

דעם רעכטן פוס, דעם לינקן פוס,
ווער באַגעגנט — מיידן מוז!
פעסטע ברייטע טריט געשטעלט!
און געעטעמט טיף און פריי
אינעם פרישן גרינעם מאַי,
אונדזער איז די פרייע וועלט!



# גרינס אויף שבועות.

דער טאַטע איז אַוועק מיט אַ גאַנצן אוצר שאַכטלען.

— קינדער, אַנו, טרעפט, וואָס וועט דער טאַטע היינט ברענגען אַ מתּנה פון מאַרק?

אַזוי זאָגט אַווּרעמל, און די קינדער הייבן אָן טרעפן, וואָס וועט דער טאַטע זיי ברענגען אַ מתּנה פון מאַרק. זיי רעכענען אויס אויף די פינגער אַלצדינג, וואָס ס׳איז דאָ אין מאַרק: בולקעלעך, און בייגע־לעך, און צוקערקעס. און קיינער האָט ניט געטראָפן. דער טאַטע האָט געבראַכט צו טראָגן נישט קיין בולקעלעך, נישט קיין בייגעלעך, נישט קיין צוקערקעס. גראָז האָט ער געבראַכט צו טראָגן.

אַ פּאַק מיט גראָז, מאָדנע, לאַנגע, גרינע, שמעקעדיקע גראָזן!

און אברעמל, משהלע און דבורהלע האָבן אַרומגערינגלט דעם פּאָטער.

— טאַטע, וואָס איז דאָס, אָט דאָס אָ?

— דאָס איז גרינס.

— וואָס הייסט דאָס גרינס?

— גרינס אויף יום־טוב. יידן דאַרפן יום־טוב גרינס.

— ווו נעמט מען דאָס, טאַטע?

— ווו נעמט מען דאָס? המם... אין מאַרק קויפט מען דאָס. אין מאַרק...

אַזוי זאָגט דער טאַטע, און ער צעוואַרפט דאָס גרינע שמעקעדיקע גראָז איבער דער שטוב, און ע׳ קוועלט, וואָס ס׳איז גרין און סע שמעקט, און ער זאָגט צו דער מאַמען פריילעך:

— פּעסי, אַ גוט יום־טוב דיר!

און די דריי שיינע קעפּלעך, אברעמל, משהלע און דבורהלע, טוען זיך אַ וואָרף אויף דער ערד און פּאַלן צו מיטן פּנים צום שמעקעדיקן גראָז, וואָס מע רופט דאָס גרינס, און וואָס יידן דאַרפן דאָס אויף יום־טוב, און וואָס מען קויפט דאָס אין מאַרק.

אַלצדינג איז דאָ אין מאַרק, אַפילו גרינס, אַלצדינג קויפט דער טאַטע, אַפילו גרינס! אַפילו גרינס!

## זומער.

קומט דער ליבער זומער,
שפּילן מיר אין זאַמד;
וווּ ס׳איז אונדזער וווינונג,
דאָרט איז אונדזער לאַנד.

שוואַרצע קאַרשן רייסן מיר,
רויטע לאָזן מיר שטיין,
שיינע בָחורים נעמען מיר,
מיאוסע לאָזן מיר גיין.



## צו גאַסט בײַ דער זון.

אַמאָל איז געווען אַן אַלטער מיט אַן אַלטינקער. זײ האָבן געהאַט אַ בת־יחידה, און האָבן איר חתונה געמאַכט מיט דער זון. אײנמאָל איז דער אַלטער אַוועק צו דעם אײדים אין געסט. זאָגט דער אײדים צו זײן װײבל:

— מיט וואָס זאָלן מיר מכבד זײן דעם גאַסט? ווײסט וואָס, באַק פאַר אים גאָר אויס אַ פאַנקוכן.

דאָס ווײבל האָט צעשלאָגן אַ פּאָר אײער, און די זון האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און זאָגט:

— איצט גיס אויס דעם פאַנקוכן מיר אויפן קאָפּ.

דאָס ווײבל האָט דעם פאַנקוכן אויסגעגאָסן דעם מאַן אויפן קאָפּ, און דער פאַנקוכן האָט זיך זײער גוט אָפּגעבאַקט.

דעם אַלטן איז די זאַך געפעלן געוואָרן.

קומט ער אַהײם און זאָגט צו דער אַלטער:

— הערסטו, אַלטע, איך וויל אַ פאַנקוכן, צעשלאָג עטלעכע אײער.

די אַלטע האָט צעשלאָגן און גענומען זיך פונאַנדער־לײגן אַ פײער אויפן פּריפּעטשיק. זאָגט דער אַלטער:

— וואַרט, ס'איז ניט נײטיק.

ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און הײסט דער אַלטער:

— גיס אויס מיר אויפן קאָפּ.

די אַלטע האָט אויסגעגאָסן אים אויפן קאָפּ, און די אייער זיינען אים אַראָפּגערונען איבער די אויגן און די אויערן און איבערן באָרד. און קיין פּאַנקוכן האָט זיך ניט אָפּגעבאַקט. נאָר אַ גאַנצן טאָג האָט דער אַלטער זיך גע־וואַשן אין באָד, ביז ער האָט זיך אָפּגעוואַשן.

---

## מאָטל דעם חזנס דערציילט, ווי ער כאַפּט פיש.

איך בין פריי. אַ גאַנצן טאָג געפין איך מיך ביים טייך — אָדער איך כאַפּ פיש, אָדער איך באָד מיך. כאַפּן פיש האָב איך מיך אויסגעלערנט פון זיך אַליין. אַז איר ווילט, קאָן איך אייך אויך אויסלערנען.

מען טוט אויס דאָס העמד, און מען פאַרקניפּט דעם אַרבל און מען גייט פּאַוואָלי ביזן האַלדז אין וואַסער. מען דאַרף גיין לאַנג־לאַנג. אַז איר פילט, אַז דאָס העמד איז שווער, איז אַ סימן, אַז ס'איז פול. גייט איר אַרויס וואָס גיכער און טרייסלט אויס דאָס גאַנצע גראָז מיט דער בלאָטע און קוקט זיך גוט צו. אין גראָז ליגן פאַרפּלאָנטערט אָפּטמאָל קליינע זשאַבקעלעך, וואַרפט זיי אַריין צוריק אין וואַסער אַריין. ס'אַ צער בעלי־חיים. אין דער געדיכטער בלאָטע קאָנט איר געפינען אַמאָל אַ פּיאַווקע. פּיאַווקעס איז געלט. פאַר אַ צענדליק פּיאַווקעס קאָנט איר באַקומען דריי גראָשן. דאָס גייט נישט צו פוס. קיין פיש זאָלט איר ניט זוכן. אמאָל איז געווען פיש אויך, היינט איז נישטאָ. איך יאָג זיך ניט

נאָך קיין פיש. איך בין צופרידן, עס זאָל כאָטש זיין פּיאָוקעס. ניט אַלע מאָל איז דאָ פּיאָוקעס. היינטיקן זומער איז ניט געווען איין פּיאָוקע!

פונוואַנען האָט זיך דערוווּסט מיין ברודער אליהו, אַז איך כאַפּ פיש — ווייס איך ניט. ער האָט מיר שיר ניט אָפּגעריסן אַן אויער פאַר די פיש. אַ גליק, וואָס פּעסי די גראָבע, אונדזער שכנה, האָט דערזען. אַן אייגענע ... מע דאַרף זיך אַזוי ניט איינשטעלן פאַר איר קינד:

— אָט אַזוי שלאָגט מען אַ יתום?

מיין ברודער אליהו האָט זיך פאַרשעמט און האָט מיר אָפּגעלאָזן דעם אויער.

---

## דער קליינער טײַך.

דער קליינער טייך, דער קליינער טייך,
דער שומר פון אַ קיניגרייך:

ביי טאָג דער וואַלד, ווי אַלט און גרויס,
קומט וויגן זיך ביי אים אין שויס.

ביינאַכט — דער גאַנצער שטערן־וועג
קומט רוען אויף זיין דעק...



מאָטעלען האָט מען אויפגעניייט אַ ניי מאַנטעלע, האָט ער עס אָנגעטאָן, אַריינגעשטעקט די הענטעלעך אין די קעשע־נעס און איידער די מאַמע האָט זיך אַרומגעקוקט, איז ער שוין געווען אין דרויסן.

אַז ער האָט קעשענעס, דאַרף ער דאָך עפּעס אַריינלייגן אין זיי. איז ער געגאַנגען און אויפגעקליבן פון דער ערד, וואָס עס האָט זיך געמאַכט; בלאָטיקע שטיינדלעך, שטיק־לעך ציגאַר, קעסטלעך פון פּאַפּיראָסן און אַנדערע גוטע זאַכן, ביז די קעשענעס זיינען פול געוואָרן. איז ער אַרומגע־גאַנגען אָנגעלאָדן מיט אַלדאָס גוטס און זיך אָפּגעשטעלט ביי די פענצטער פון די קלייטן.

אָנגעקוקט זיך צו זאַט, און געגאַנגען ווייטער. איז ער געקומען צו אַ ברייטער גאַס. דאָרט האָט ער דערזען שטיין אַ יידן מיט אַ סך גאָלדענע הענדעלעך, וואָס טאַנצן. האָבן זיינע אויגן אויפגעשטראַלט.

וועגן די גאָלדענע הענדעלעך האָט אים שוין דערציילט זיין חבר דויד. יענער האָט זיי אַליין געזען, אַפילו געהאַלטן אין האַנט, און מאָטעלע האָט אים אַזוי מקנא געווען.

איצט זעט ער זיי אויך.

האָט זיך מאָטעלע דערפילט זייער געהויבן און איז צו־געגאַנגען נעענטער, אפשר וועט אים ד׳ער ייד פון די הענדע־לעך אויך לאָזן נעמען אַ הענדל אין די הענט.

מאָטל האָט אָנגערירט אַ הענדעלע מיטן קליינעם פינ־גערל, און דער ייד האָט אים געלאָזן. האָט ער שוין דאָס הענדעלע גענומען אין האַנט, אַ צי געטאָן פאַר דער ספרונ־זשינקע, און דאָס הענדל האָט אָנגעהויבן טאַנצן.

מאָטעלע האָט זיך פריידיק פונאַנדערגעלאַכט. האָט דער ייד צו אים געזאָגט:

— קויף עס, ייִנגעלע! ס׳קאָסט ניט טייער.

— וויפיל? — האָט מאָטעלע געפרעגט.

— צען סענט!

— ווייסטו וואָס, — זאָגט מאָטעלע, — גיב מיר אַ הענ־דעלע, און איך וועל זאָגן דער מאַמען, וועט זי דיר געבן די צען סענט.

האָט דער ייד ניט געוואָלט. זאָגט מאָטעלע:

— נאַ דיר מיין ניי מאַנטעלע, און גיב מיר דאָס הענדעלע.

האָט דער ייד מיט מאָטעלען אַזוי אָפּגעמאַכט: ער וועט מאָטעלען געבן אַ הענדל, און מאָטעלע וועט ביי אים איבער־לאָזן זיין מאַנטעלע; שפּעטער זאָל קומען מאָטעלעס מאַמע, ברענגען די צען סענט פאַרן הענדל, וועט זי צוריק באַקו־מען דאָס מאַנטעלע.

מאָטעלע האָט אָפּגעגעבן זיין מאַנטל, געכאַפּט דאָס הענדל און איז אַוועקגעלאָפן. אָפּגעלאָפן אַ שטיק וועג און אַוועקגעשטעלט זיך אין אַ ווינקעלע, געצויגן די ספּרונזשינקע און נחת געקליבן, ווי דאָס הענדעלע טאַנצט.

אָנגעשפּילט און דערמאָנט זיך, אַז מען דאַרף ווייזן דער מאַמען, סאַר אַ טייערע זאַך ער האָט אַיינגעהאַנדלט. נאָר ווי צו גיין אַהיים האָט ער ניט געוווסט. איז ער צוגעגאַנגען צו אַ פרעמדער מאַמען און געבעטן, זי זאָל אים אָפּפירן אַהיים.

— ווו איז דיין היים?

— לעבן קראָם.

— וועלכע קראָם?

— ווו מיין מאַמע קויפט.

האָט די פרעמדע מאַמע אַ שמייכל געטאָן און געפרעגט:

— ווי זעט אויס דער קרעמער?

— ער האָט אַ רויטע באָרד.

האָט שוין די פרעמדע מאַמע געוווסט, ווו מאָטעלע וווינט, און זי האָט אים אַוועקגעפירט אַהיים. אָן דעם מאַנטל, אַן אויסגעשמירטער, אָבער מיטן הענדל אין האַנט האָט זיך מאָטעלע אַריינגעלאָזט אין שטוב.

— וויי איז מיר! — האָט די מאַמע אויסגעשריען, ווען זי האָט דערזען איר זון. — ווו האָסטו אַהינגעטאָן דאָס מאַנטעלע, שיינער זון מיינער? זע נאָר אַ פּנים!

— מאַמע! זע: אַ הענדעלע, וואָס טאַנצט! — האָט מאָטעלע דערציילט זיין פרייד.

— אָבער איך פרעג דאָך דיר, ווו איז דאָס מאַנטעלע, — האָט זיך די מאַמע געערגערט.

— איך וויל ניט דאָס מאַנטעלע, איך וויל דאָס הענדע-לע! זעסט: פון אמתן גאָלד!

די מאַמע איז אַרויס פון געדולד און גענומען בייזערן זיך. האָט זיך מאָטעלע דערשראָקן און פונאַנדערגעוויינט:

— דאָס מאַנטעלע איז ביים יידן.

— ביי וואָסער יידן?

— וואָס פאַרקויפט די הענדעלעך.

— ווו פאַרקויפט ער?

— אין גאַס.

— אין וואָסער גאַס?

— איך ווייס ניט.

האָט די מאַמע דערזען, אַז זי קאָן קיין טאָלק ניט דער-גיין, האָט זי גערופן דעם טאַטן. האָט זיך דער טאַטע אויך געבייזערט און געשריען און מאָטעלע האָט געוויינט.

און אַז טאַטע-מאַמע האָבן אים געלאָזן, האָט ער זיך מיט זיין הענדל פאַרקליבן אין אַ ווינקעלע, געצויגן די ספרונזשינקעלע, און דאָס הענדל האָט געטאַנצט. און מאָטע-לע האָט געלאַכט מיט פאַרוויינטע אייגלעך און געפרייט זיך מיט דעם געשעפט, וואָס ער האָט געמאַכט.

# גאָנטע קאָזאַק.

ווער גייט עס ווי אַ בלינדער
און פרעגט ביינאַכט אויף קינדער,
וואָס וויינען אין די וויגן
און ווילן שטיל ניט ליגן?
דאָס איז דאָך גאָנטע קאָזאַק,
וואָס בלאָזט זיך ווי אַ בלאָ=זאַק,
און גייט אין רויטע הויזן,
און טראָגט אַ האַק אַ בלויזן.
ער האָט צוויי הויקער=פּלייצעס,
און עסט אויף צוועלף המוציאס,
און טרינקט פון דרייצן גלעזער,
און האָט דריי לאַנגע נעזער,
צוויי הענט צו זיבן פינגער,
דריי קעפּ מיט זיבן צינגער,
זעקס וואָנצעס לאַנג און שפּיציק,
צוועלף אויגן רויט און בליציק,
צוויי פיס צו דרייסיק איילן,
און ווינט אין טיפע היילן.
און ווי עס קומט ביינאַכט נאָר,
איז טיר און לאָד פאַרמאַכט נאָר,
דאַן נעמט ער האַק און מעסער
און שאַרפט זיי גוט און בעסער,
פאַרוואַרפט זיי אויף די פּלייצעס,
שפּאַנט אַין דריי וועלף אָן לייצעס,
פאָרויס — צוויי גראָבע דייטשן,
צוויי שלאַנגען — פאַר צוויי בייטשן,
צוויי בערן פון די זייטן,
און לאָזט פון וואַלד זיך רייטן.
און ווי ער קומט צום שטעטל,
נעמט ער אַרויס אַ צעטל
און לייענט, ווי אַ בלינדער,
די נעמען פון די קינדער,
וואָס וויינען אין די וויגן
און ווילן שטיל ניט ליגן.
דאַן עפנט ער די טאָרבע
און גיט פון פלאַש אַ שאָרבע,
און לאָזט זיך גיין געבויגן
מיט זוכנדיקע אויגן;
בלייבט שטיין ביי יעדן טויער,
און טוליעט צו אַן אויער,
און קלאַפּט אָן ווי אַ בלינדער:
„דאָ וויינען קליינע קינדער?
דאָס בין איך, גאָנטע קאָזאַק,
איך בלאָז זיך ווי אַ בלאָ=זאַק,
און גיי אין רויטע הויזן,
און טראָג אַ האַק אַ בלויזן,
און האָב צוויי הויקער=פּלייצעס,
און עס אויף צוועלף המוציאס,

און טרינק פון דרייצן גלעזער
אין האָב דריי לאַנגע געזער,
צוויי הענט צו זיבן פינגער,
דריי קעפּ מיט זיבן צינגער,
זעקס וואָנצעס לאַנג און שפּיציק,
צוועלף אויגן שאַרף און בליציק,
צוויי פים צו דרייסיק איילן,
און וווין אין טיפע היילן,
און בורטשע ווי דריי בערן.
דאָס קום איך ווײנען הערן
די קינדער אין די וויגן,
וואָס ווילן שטיל ניט ליגן".
און ווי נאָר קינדער הערן
אַ בורטשען פון דריי בערן —
איז נעמען זיי זיך שרעקן,
און איבער קאָפּ פאַרדעקן,
און בלייבן שווייגן אַלע,
און בעטן ניט קיין חלה,
און ווילן ניט קיין פייער,
און ווערן ליב און טייער.
איז נעמט זיך גאָנטע קאָזאַק,
וואָס בלאָזט זיך ווי אַ בלאָז-זאַק,
און לאָזט זיך ווי אַ בלינדער,
צו זוכן אַנדערע קינדער.
נאָר טאָמער ווײנען אַלע,
און בעטן דווקא חלה,
און ווילן דווקא פייער,
און זיינען גרויסע שרייער, —
דאַן ווערט ער שטאַרק אין כעס,
און בילט און מאַכט העוויות,
און גיט אַ רוף דריי שדים,
און מאַכט אַ לאָך אין בוידים,
און כאַפּט די שלעכטע קינדער,
און טראָגט זיי ווי אַ בלינדער,
און ברענגט זיי אין די היילן,
און הייסט זיי בולבעס שיילן.
דאַן קאָכט ער אויף אַ קעסל,
טרינקט בראַנפן פון אַ פעסל,
און נעמט די מעסער שאַרפן,
און הייבט אָן גורל וואַרפן,
פאַרשפּאַרט די טיפע היילן
און וויל זיי אַלע קיילן.
און ווי די קינדער זעען,
וואָס דאָ וועט באַלד געשעען,
וואָס ס'וועט פון זיי באַלד ווערן, —
פאַרגיסן זיי פיל טרערן,
און הייבן אָן אים גלעטן,
און האַרצעדיק צו בעטן:
„דו גוטער גאָנטע קאָזאַק,
וואָס בלאָזט זיך, ווי אַ בלאָז-זאַק,
דו האָסט דאָך רויטע הויזן,
און טראָגסט אַ שווערד אַ בלויזן,
דו האָסט צוויי שיינע פּלייצעס
און עסט אויף צוועלף המוציאס,

און טרינקסט פון דרייצן גלעזער,
און האָסט דריי לאַנגע נעזער,
צוויי הענט צו זיבן פינגער,
דריי קעפּ מיט זיבן צינגער,
זעקס וואָנצעס לאַנג און שפּיציק,
צוועלף אויגן רויט און בליציק,
צוויי פיס צו דרייסיק איילן —
צי דאַרפסטו דען אונדז קיילן?
מיר זיינען גוטע קינדער,
און דו ביסט ווי אַ בלינדער.
מיר וועלן מיט דיר לעבן,
און העמדעלעך דיר וועבן,
און קישעלעך דיר נייען,
און בלימעלעך דיר זייען;
מיר וועלן מער ניט וויינען,
און מעשהלעך דיר ליינען,
און עסן דיר דערלאַנגען,
און וויגן מיט געזאַנגען".
דערהערט עס גאַנצע קאָזאַק,
בלאָזט אָן זיך ווי אַ בלאָז=זאַ-,
און ווערט אַזאַ מין גוטער,
און גיט זיי ברויט מיט פּוטער,
און גלעט זיי אויף די קעפּלעך,
און הייסט זיי קאָכן קרעפּלעך,
און הייסט די בעט אויסבעטן,
און הערט ניט אויף זיי גלעטן.
נו, קאָכן זיי אים קרעפּלעך,
און וואַשן אים די טעפּלעך
און בעטן אים די בעטן,
און וויגן אים און גלעטן,
און ווי ער ווערט אַנטשלאָפן —
גענומען און אַנטלאָפן.
געלאָפן איבער וועלדער,
געלאָפן איבער פעלדער,
געשווומען איבער ימען,
געקומען צו דער מאַמען,
פון גאַנצן ניט געטראַכט מער,
און ניט געוויינט ביינאַכט מער.



# מיין קעצעלע.

איך האָב געהאַט אַ קעצעלע,
אַ קעצעלע אַ ווייס,
מיט אויערלעך צוויי שפּיציקע
צו שפּירן נאָך די מייז;

מיט אייגעלעך צוויי געלינקע,
ווי אמתער בורשטין,
וואָס פלעגן אָפט זיך אָנצינדן
און פינקלען גאָלדיק-גרין.

איר קליינע ווייסע פעלכעלע
געהאַט האָט צאַרטע האָר,
וואָס זי פלעגט תמיד רייניקן
און האַלטן תמיד קלאָר.

און טאָמער פלעגט אַ טראָפּעלע
אַרויפפאַלן אויף איר,
דאַן פלעגט זי נעמען פּוצן זיך
און וואַשן אָן אַ שיר.

דאָס קליינע ווייסע קעצעלע
געווען איז זייער קלוג:
זי האָט געוווּסט דאָס ווינקעלע,
וווּ ס'שטייט פון מילך דער קרוג;

און וווּ דאָס טעפּל פּוטער איז,
פון שפּייז-אַלמער דעם פּלאַץ -
(אַ גרויסע, גרויסע נאַשערקע
געווען איז מיין קאַץ).

זי פלעגט זיך שטיל פאַרגנבענען,
בשעת איך פלעג נישט זען,
און אויפנאַשן אין שפּייז-אַלמער
דאָרט אַלץ, וואָס איז געווען.

און ווען איך פלעג צוריקקומען,
דאַן פלעגט זי זיצן שטיל
און וואַשן זיך די וואָנציקעס
און מורקען מיט געפיל.

נאָר איינמאָל איז געשען מיט איר
אַ מעשה גאָר אַ שרעק:
אויף יאַגד נאָך קליינע פייגעלעך
איז זי אין הויף אַוועק;

פון הויף אין פעלד און יאָגנדיק
די פייגעלעך צום וואַלד, —
אַן אָדלער מיט אַן אָדלערטע
באַגעגנט האָט זי באַלד.

אומזיסט האָט זי געבעטן זיך,
געמיאַוקעט און געוויינט, —
די בייזע אָדלער האָבן נישט
איר פעלכעלע געשוינט;

צעריסן עס אויף שטיקעלעך,
געלאָזן נאָר דעם עק,
אים האָב איך נאָכדעם ליגנדיק
געפונען אויפן וועג.

# אַנדערס ניי היטעלע.

אַמאָל איז געווען אַ קליין ייִנגעלע, אַנדערס האָט מען אים גערופן. האָט ער געהאַט אַ ניי היטעלע.

ביי קיינעם איז ניט געווען אַזאַ שיין היטעלע: האָט דאָס דאָך אויסגעאַר־בעט אַנדערס מאַמע מיט אירע אייגענע הענט, און ווער קאָן עס מאַכן בעסער פאַר דער מאַמען?

געווען איז דאָס היטעלע אינגאַנצן אַ רויטס, דאָס דעניקל אָבער — אַ גרינס: ניט געווען קיין רויטע וואָל מער. און דאָס קיטאַסל איז געווען אַ בלויס.

די ברידערלעך און שוועסטערלעך זיינען נאָכגעלאָפן אַנדערסן און אָנגע־קוואָלן פון זיין היטעלע.

און אַנדערס, אַריינגעלייגט די הענט אין די קעשענעס, גייט ער זיך אַרום און פון גאַנצן האַרצן באַדויערט ער יעדערן, וואָס פאַרמאָגט ניט אַזאַ היטעלע.

גייט אַנדערס אַמאָל אַוועק אויפן שפּאַציר.

דער ערשטער, וועמען ער האָט באַגעגנט, איז געווען אַ פּויער, וואָס איז נאָכגעגאַנגען נאָך אַ וואָגן האָלץ און פּלייסיק אונטערגעשמיצלט דאָס פערדל. דער פּויער האָט זיך אַזוי נידעריק פאַרנויגט פאַר אַנדערסן, אַז ער האָט זיך שיר האַלדז־און־נאַקן ניט געבראָכן, נאָר אַנדערס איז שנעל דורכגעלאָפן פאַרביי אים.

דאָרט, ווו מען פאַרקערעוועט ביים שליאַך, האָט אַנדערס אָנגעיאָגט דעם שוסטערס זון, לאַכסן.

לאַכס איז שוין געווען אַ גאַנץ היפּשער יונג און האָט שוין געטראָגן הויכע שטיוול און געהאַלטן אַ טאַשנמעסערל אין כאָלעווע. ער האָט פּשוט קיין אויג ניט געקאָנט אַראָפּנעמען פון היטעלע, זיך נישט איינגעהאַלטן און אַ ריר געטאָן דאָס בלויע קוטאַסל.

— הער נאַר, לאָמיר זיך בייטן! — האָט ער געזאָגט, — איך וועל דיר געבן מיין טאַשנ־מעסערל, און דו גיב מיר דיין היטעלע.

ביי לאַכבן איז געווען אַ זעלטן מעסערל, כאָטש דאָס קלינגל איז געווען צעבראָכן אויף דער האַלב, און דאָס קלעצל איז געווען אַ ביסל קאַליע. אַנדערס האָט געוווסט, אַז ווער עס האָט אַ טאַשנמעסערל, הייסט שוין כמעט אַ גרויסער, דאָך קומט עס ניט צום היטעלע, וואָס די מאַמע האָט אויסגעאַרבעט.

— ניין, איך וויל ניט, — האָט אַנדערס געענטפערט, האָט אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ, זיך אָפּגעזעגנט און איז זיך אַוועקגעגאַנגען ווייטער.

באַלד נאָך דעם האָט אַנדערס באַגעגנט אַן אַלטע שוואַכע פרוי. זי האָט אַזוי נידעריק זיך אַ בוק געטאָן פאַר אים, אַז איר קלייד האָט זיך אָנגעבלאָזן, ווי אַ פּענכער. און זי זאָגט צו אַנדערסן:

— דאָס היטעלע פּאַסט אים אַזוי, כאָטש נעם גיי צום קייסער אויפן באַל.

— און פאַרוואָס טאַקע ניט? — האָט אַנדערס אַ טראַכט געטאָן, — אויב איך בין יאָ אַזוי שיין, פאַרוואָס זאָל איך טאַקע ניט גיין צום קייסער?

און ער איז אַוועק צום קייסערס פּאַלאַץ.

פאַרן פּאַלאַץ זיינען געשטאַנען צוויי גרענאַדירן אין בלאַנקענדיקע קאַסקעס און מיט ביקסן אין די הענט. אַז אַנדערס איז צו זיי צוגעקומען, האָבן זיי אויסגעצויגן די ביקסן און אָנגעשטעלט אויף אים.

— האַלט! ווער גייט? — האָט איין גרענאַדיר אַ געשריי געטאָן.

— דאָס בין איך, — האָט אַנדערס געענטפערט, — איך גיי צום קייסער אויפן באַל.

— מע טאָר ניט, — האָט דער צווייטער גרענאַדיר אַ זאָג געטאָן און געמאַכט אַ שריט צו אַנדערסן, — אַהער לאָזט מען אריין נאָר מענטשן אין מונדירן.

גראָד אין דער מינוט איז די פּרינצעסין אַרומגעשפּרונגען איבערן הויף, אָנגעטאָן אין אַ ווייס זיידן קליידל מיט אַ בלויען באַנד. דערזעען אַנדערסן לעבן די גרענאַדירן, איז זי צו צו זיי.

— אך, — האָט זי געזאָגט, — ער טראָגט אויפן קאָפּ אַזאַ שיין היטעלע, און דאָס איז אַלץ איינס, ווי אַ מונדיר.

און זי האָט גענומען אַנדערסן פאַר דער האַנט און זיך געלאָזט גיין מיט אים איבער די ברייטע מאַרמאָר-טרעפּ.

לענג-אויס ווינען געשטאַנען דאַמען און קאַוואַליערן, אויסגעפּוצט אין זייד און סאַמעט, און האָבן זיך צו זיי נידעריק געבוקט. זיי האָבן געזען דאָס היטעלע אויף אַנדערסן, און האָבן גערעכנט, עס דאַרף געװיס זיין אַ פּרינץ.

אין סאַמע עק פונם גרויסן זאַל איז געשטאַנען אַ טיש מיט אַ סך גאָלדע-נע בעכערס און קרעדענצן און אויף גרויסע זילבערנע טאַצן זיינען געלעגן גאַנצע בערג לעקעך און טאָרט. די פּרינצעסין האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול אונטער אַ בלויער חופּה, באַפּוצט מיט רויזן-גירליאַנדעס, און אַנדערסן האָט זי אַוועקגעזעצט אויף אַ צווייטער גאָלדענער שטול.

— איידער דו וועסט זיך אָבער נעמען צום עסן, מוזטו אויסטאָן דאָס הי-טעלע, — האָט די פּרינצעסין געזאָגט, און עס געוואָלט ביי אים אַראָפּנעמען פון קאָפּ.

— אָ, איך ווייס, ווי אַזוי מ'ע דאַרף זיצן ביים טיש, — האָט אַנדערס גע-ענטפערט און שטאַרק צוגעהאַלטן דאָס היטעלע מיטביידע הענטלעך, ווייל ווער וואָלט אים געקאָנט פאַרזיכערן, אַז ער וועט עס באַקומען צוריק, אויב ער וועט עס אַוועקגעבן?

— הער נאָר, — האָט די פּרינצעסין געזאָגט, — גיסטו מיר דיין היטעלע, גיב איך דיר אַ קוש.

די פּרינצעסין איז געווען זייער אַ שיין מיידעלע, אירער אַ קוש איז געווען אַ פאַרגעניגן. אַנדערס אָבער וואָלט פאַר קיין שום זאַך אין דער וועלט ניט אָפּגעגעבן דאָס היטעלע, וואָס די מאַמע האָט אים געמאַכט, און ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף ניין.

האָט אים די פּרינצעסין אָנגעשטאָפּט פולע קעשענעס מיט שטרודל, אים אָנגעטאָן אויפן האַלדז איר שווערע גאָלדענע קייט, זיך איינגעבויגן און אים

אַ קוש געטאָן. אַנדערס אָבער האָט זיך נאָך טיפער אַריינגעזעצט אין שטול און ניט אַראָפּגענומען זיינע העטנלעך פונעם היטעלע.

אין דעם האָט זיך די טיר ברייט געעפנט, און דער קייסער איז אַריינגעקומען מיט זיין סוויטע, אַלע אין בלאַנקענדיקע מונדירן און אין קאַסקעס מיט פעדערן. דער קייסער אַליין איז געווען אָנגעטאָן אין אַ פּורפּור-מאַנטל, וואָס האָט זיך אים נאָכגעשלעפּט מיט אַ שלייף איבער דער דיל. אויפן קאָפּ האָט דער קייסער געטראָגן אַ גרויסע, גאָלדענע קרוין.

דערזען אַנדערסן אויף דער גאָלדענער שטול, האָט דער קייסער אַ שמייכל געטאָן.

— יאָ, — האָט אַנדערס געענטפערט, — די מאַמע האָט עס מיר אויסגעאַרבעט פון דער בעסטער וואָל,— און יעדערער האָט חשק דאָס אויסנאַרן ביי מיר.

— נו, אָבער מיט מיר וועסטו זיך געווים ביטן, — האָט דער קייסער געזאָגט און אַראָפּגענומען פון קאָפּ זיין גרויסע שווערע קרוין.

אַנדערס האָט גאָרניט געענטפערט, איז אַלץ געזעסן און צוגעהאַלטן מיט ביידע העטנלעך זיין היטעלע, וואָס יעדערער האָט חשק געהאַט ביי אים אויסנאַרן.

נאָר אַז דער קיניג מיט דער גילדערנער קרוין אין די הענט איז צוגעגאַנגען צו אים נעענטער, איז אויף אַנדערסן אָנגעפאַלן אַ שרעק, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל אַזאַ ניט געפילט. דער קיניג קאָן דאָך טאָן אַלץ, וואָס ער וויל!

מיט איין שפרונג איז אַנדערס אַראָפּ פון שטול, זיך אַ לאָז געטאָן פייל אויסן בויגן דורך דעם זאַל, איבער די טרעפּ, איבערן הויף.

ער איז געלאָפן אַזוי שנעל, אַז דער פרינצעסינס קייטעלע האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון זיין האַלדז און אַלע שטיקער שטרודל זיינען אַרויסגעפאַלן פון זיין קעשענע.

נאָר זיין היטעלע איז ביי אים געבליבן גאַנץ. די גאַנצע צייט, וואָס ער איז געלאָפן אַהיים, האָט ער עס צוגעהאַלטן מיט ביידע הענט.

געקומען אַהיים, איז ער אַרויף גלייך צו דער מאַמען אויף די קני און

דערציילט אַלץ, וואָס מיט אים האָט פּאַסירט, און ווי מע איז צוגעשטאַנען צו אים, ער זאָל אָפּגעבן זיין היטעלע.

די ברידער און שוועסטער זיינען געשטאַנען אַרום מיט אָפענע מיילער און געהערט, וואָס אַנדערס האָט דערציילט.

נאָר אַז דער עלטערער ברודער האָט דערהערט, ווי ער האָט ניט געוואָלט אָפּגעבן דאָס היטעלע אַפילו דעם קיניג פאַר דער גאָלדענער קרוין, האָט ער געזאָגט, אַז אַנדערס איז אַ נאַר: אַ ווערטעלע, וויפיל גוטע זאַכן וואָלט מען געקאָנט באַקומען פאַר דער קרוין; אַנדערס וואָלט דעמאָלט געקאָנט האָבן נאָך אַ שענער היטעלע.

אַנדערס איז רויט געוואָרן, ווי אַ צוויק. דאָס איז אים גאָר אויף די געדאַנקען ניט אַרויפגעקומען. ער האָט זיך איינגעגראָבן מיטן קעפּל אין דער מאַמעס אַקסל און זי אַ פרעג געטאָן:

— מאַמע, איך בין אַ נאַר?

די מאַמע האָט אים שטאַרק צוגעדריקט צו זיך.

— ניין, מיין קליין זונעלע, — האָט זי געזאָגט, — ווען אַפילו זאָלסט זייי אָנגעטאָן אין גאָלד און זילבער פון קאָפּ ביז די פיס, וואָלסטו אויך דעמאָלט ניט אויסגעזען אַזוי שיין, ווי איצט, אין דיין קליין רויט היטעלע!



# שלומפערל.

## 1. דער מוטערס טויט.

ביי אַרייכן מענטשן איז קראַנק געוואָרן די ווייב און האָט געהאַלטן ביים שטאַרבן. פאַרן טויט האָט זי צוגערופן איר איינאיינציק טעכטערל צום בעט און האָט צו איר אַזוי געזאָגט:

— מיין קינד, איך שטאַרב, און דו בלייבסט איינע אַליין אַ יתומה. פאָלג-זשע, וואָס דער טאַטע וועט הייסן, וואָס גוטע, פרומע לייט וועלן הייסן, און זיי אַליין אויך אַ גוטע און אַ פרומע, וועט דיר דער איבערשטער ניט פאַרלאָזן, און איך וועל אויך אויף דיר פון הימל השגחה געבן.

באַלד נאָך דעם האָט די מוטער צוגעמאַכט די אויגן און איז געשטאָרבן. דאָס מיידעלע האָט זיך שטאַרק צום האַרצן גענומען, איז אַלע טאָג אויף דער מאַמעס קבר געגאַנגען, האָט דאָרט גאָט געבעטן און איז פאַרבליבן אַ גוטע און אַ פרומע.

אַז ס׳איז געוואָרן ווינטער, האָט דער שניי אַ ווייסע דעקע איבערן קבר אויסגעשפרייט. און אַז די זון האָט אין פרילינג די דעקע צוריק אַראָפּגעצויגן, האָט דער פאָטער אַ צווייטן מאָל חתונה געהאַט.

## 2. דאָס צונעמעניש „שלומפערל".

די שטיפמוטער האָט אירע צוויי אייגענע טעכטער מיט זיך אין שטוב אריינגעבראַכט. זיי זיינען געווען שיינע מיידלעך מיט קלאָרע געזיכטער, אָבער מיט שלעכטע און פאַרדאָרבענע הערצער. און פאַר דער יתומה האָט זיך פון דעמאָלט אָן אָנגעהויבן זייער אַ שלעכטע צייט.

— מיר ווילן ניט, — האָבן די שטיפשוועסטער געזאָגט, — אַז די נאַרישע מויד זאָל וווינען אין איין קאַמער מיט אונדז. דער, וואָס וויל עסן, דאַרף זיין ברויט פאַרדינען. זאָל זי זען אַרבעטן אויבן קיך.

זיי האָבן בײַ דער יתומה אָפּגענומען אירע שײַנע קליידער, איר געגעבן אַן אַלטן כאַלאַט און אַ פּאָר הילצערנע פּאַנטאָפל.

— זעט נאָר די שײַנע פּרינצעסין, ווי פּאַרפּוצט זי איז! — האָבן זיי געזאָגט און זיך פונאַנדערגעלאַכט, און אַרויסגעפירט זי אין קיך אַרויס.

דאָ האָט דאָס מיידל אַלע שווערע אַרבעט געמוזט טאָן: אויפשטיין פּאַרטאָג און אָנטראָגן וואַסער, הייצן דעם אויוון, קאָכן און וואַשן. אויסער דעם, האָבן איר די שטיפשוועסטער קאָלאָצולאָכעס אָפּגעטאָן, האָבן זי געמאַכט צו שפּאָט, און די אַרבעס מיט די לינדזן אין אַש אַרײַנגעשאָטן, כדי זי זאָל זיי דאַרפן אויסקלייבן. זיי האָבן איר קיין קישן און קיין בעט ניט געגעבן, און נאָך דער טאָגיקער פּראַצע האָט זי קיין אָרט ניט געהאַט, ווו צו שלאָפן, סײַדן הינטערן אויוון אויף דער ערד אין מיסט און אין אַש. איז זי שטענדיק אַרומגעגאַנגען אַ פאַרשמוצטע, און די שטיפשוועסטער האָבן איר אַ נאָמען געגעבן „שלומפּערל“.

## 3. דעם פּאָטערס מתנה.

איינמאָל האָט זיך דער פּאָטער געקליבן פאָרן אויף אַ יאַריד. האָט ער געפרעגט בײַ די שטיפטעכטער:

— וואָס פאַר אַ מתנות פאַרלאַנגט איר, זאָל איך אײַך ברענגען?

האָט איינע געזאָגט: „שײַנע קליידער“, די צווייטע — „פּערל און בריליאַנטן“.

— און דו, שלומפּערל, וואָס פאַרלאַנגסטו? — האָט דער פּאָטער געפרעגט.

— גאָרנישט, פּאָטער, — האָט זי געענטפערט, — ברעך פאַר מיר נאָר אָפּ די ערשטע צווײַג, וואָס וועט בײַ דיר צוריקפאָרנדיק דעם הוט אַראָפּרײַסן.

אויפן יאַריד האָט דער פּאָטער פאַר די שטיפטעכטער געקויפט פּערל און בריליאַנטן און שײַנע קליידער, און פאַר דער שלומפּערל — גאָרנישט. נאָר אַז ער

איז געפֿאָרן צוריק אַהיים דורך אַ גרינעם וועלדל, האָט אים אַ צווײַג פֿון אַ נוס־בוים פֿאַרטשעפּעט און אַראָפּגעריסן דעם הוט פֿון קאָפּ. האָט ער אָפּגעשטעלט דעם פֿערד און אָפּגעבראָכן די צווייג פֿאַר דער טאָכטער.

אַז ער איז געקומען אַהיים, האָט ער די שטיפֿטעכטער אָפּגעגעבן, וואָס ער האָט פֿאַר זיי געבראַכט, און דער שלומפּערל האָט ער געגעבן די צווייג. שלומ־פּערל האָט זייער שיין באַדאַנקט פֿאַר דער מתּנה. זי האָט גענומען די צווייג, האָט זי פֿאַרזעצט אויף דער מוטערס קבֿר און באַגאָסן מיט ביטערע טרערן. די פֿלאַנצונג האָט זיך גוט צוגענומען, און אַ שיינער בוים איז פֿון איר אויסגעוואַקסן. שלומפּערל איז דריי מאָל אַ טאָג געגאַנגען צו דעם בוים אויסוויינען זיך און גאָט בעטן. און יעדעס מאָל, ווען זי פֿלעגט קומען, פֿלעגט זיך אויפֿן בוים באַווייזן אַ ווייס פֿייגעלע, און אַז שלומפּערל האָט עפּעס פֿאַרלאַנגט, האָט איר דאָס פֿייגעלע תּיכּף געגעבן אַלץ, וואָס זי האָט געוואָלט.

אינדערהיים האָט שלומפּערל גאָרניט דערציילט וועגן דעם גוטן, ווייסן פֿייגעלע.

## 4. דער באַל אין קיניגלעכן שלאָס.

איין מאָל האָט דער קיניג געמאַכט אַ באַל אין זיין שלאָס. דריי טעג נאָכ־אַנאַנד האָט דער באַל געדויערט, און אַלע מיידלעך פֿון לאַנד זיינען אויף אים איינגעלאַדן געוואָרן, כּדי דעם קיניגס זון זאָל זיך קאָנען אַ כּלה אויסקלייבן. די צוויי שוועסטער האָבן דערהערט, אַז זיי דאַרפֿן אויך קומען אויפֿן באַל, האָבן זיי זיך זייער געפֿרייט. זיי האָבן גערופֿן די שלומפּערל פֿון קיך און האָבן איר געהייסן:

— שלומפּערל, צוואָג אונדז אוים! שלומפּערל, מאַך אַ גלאַנץ אויף די שיך, טו אונדז אָן די שענסטע קליידער אונדזערע! מ׳ר גייען אויף אַ חתונה אין קיניגלעכן שלאָס אַריין.

שלומפּערל האָט געטאָן אַלץ, וואָס די שוועסטער האָבן איר געהייסן. אָבער איר איז זייער אומעטיק געווען אויפן האַרצן, ווייל זי האָט אַליין אויך גרויס חשק געהאַט צו גיין אין קיניגלעכן שלאָס און טאַנצן דאָרט מיט אַלעמען צוגלייך. איז זי געקומען צו דער שטיפמוטער און געבעטן, מ'זאָל זי מיטנעמען. האָט זיך די שטיפמוטער אָנגעבייזערט אויף איר:

— שלומפּערל דו! ביסט דורך אין שטויב און אין שמוץ, און ווילסט גיין אויף דער חתונה; האָסט קיין קליידער און קיין שיך ניט, און ווילסט טאַנצן!

אָבער דאָס מיידל האָט געבעטן. האָט די מוטער, כּלומרשט, ניט ווילנדיק אַ שטויס געטאָן אַ שיסל מיט לינדזן; די שיסל האָט זיך אומגעקערט, און די לינדזן האָבן זיך צעשאָטן איבערן אַש.

— נו, רעכט, — האָט די שטיפמוטער געזאָגט, — אויב דו קלייבסט אויס די לינדזן פון דעם אַש פאַר צוויי שעה צייט, גייסטו מיט אין קיניגלעכן שלאָס אַריין.

## 5. די הילף פון די טייבעלעך.

דאָס מיידל איז דורך דער הינטער־טיר אַרויס אין גאָרטן און גענומען רופן:

— איר ליבע טייבעלעך און טורקל־טייבעלעך און אַלע פייגעלעך אונטערן הימל! קומט און העלפט מיר די לינדזן קלייבן —

די גוטע אין טעפּעלע,

די ווערעמדיקע אין קרעפּעלע.

תּיכּף זיינען צוויי ווייסע טייבעלעך געקומען צו פליען, און נאָך זיי — די טורקל־טייבעלעך, און נאָכדעם — אַלע פייגעלעך אונטערן הימל. זיי זיינען דורכן פענצטער אַריינגעפלויגן אין קיך אַריין און אַראָפּגעלאָזן זיך לעבן אויוון אויפן אַש. די טייבעלעך האָבן אָנגעהויבן די קעפּעלעך און מיט די שנעבעלעך — פּיק, פּיק, פּיק, פּיק; און נאָך זיי האָבן אויך די איבעריקע פייגעלעך אָנגע־

הויבן: פּיק, פּיק, פּיק, און האָבן אַלע גוטע לינדועלעך געקליבן אין שיסל אַריין. ס'האָט קיין שעה ניט געדויערט, זיינען זיי שוין פאַרטיק געוואָרן מיט דער אַרבעט און אַוועקגעפלויגן. דאָס מיידל האָט גענומען די שיסל און איז צו דער שטיפמוטער אַוועק. זי האָט זיך זייער געפרייט, ווייל זי האָט געהאָפט, אַז איצט וועט מען איר שוין מיטנעמען אויף דער חתונה.

## 6. די פאַלשע האָפענונג.

אָבער די שטיפמוטער האָט געזאָגט:

— ניין, שלומפּערל, דו האָסט קיין קליידער ניט, און דו קענסט ניט טאַנצן, די געסט וועלן פון דיר נאָר אָפּלאַכן.

אַז דאָס מיידל האָט זיך צעוויינט מיט ביטערע טרערן, האָט די שטיפמוטער ווידער געזאָגט:

— אויב דו וועסט מיר צוויי שיסל לינדרון אויסקלייבן פון דעם אַש אין איין שעה צייט, גייסטו מיט אונדז אויף דער חתונה.

און פאַר זיך האָט זי בעת מעשה געטראַכט: „דאָס וועט זי געווים ניט קאָנען". נאָר אַז זי האָט די צוויי שיסל לינדרון אין אַש אויסגעשאָטן, איז שלומפּערל אַרויס דורך דער הינטער-טיר אין גאָרטן און האָט אָנגעהויבן רופן:

— איר ליבע טייבעלעך און טורקלטייבעלעך און אַלע פייגעלעך אונטערן הימל! קומט און העלפט מיר די לינדרון אויסקלייבן —

די גוטע אין טעפּעלע,
די ווערעמדיקע אין קרעפּעלע.

תיכף זיינען דורכן קיכפענצטער אָנגעפלויגן צוויי ווייסע טייבעלעך, און נאָך זיי די טורקלטייבעלעך, און נאָכדעם אַלע פייגעלעך אונטערן הימל. די טייבעלעך האָבן אָנגעבויגן די קעפּעלעך און מיט די שנעבעלעך אָנגעהויבן: פּיק, פּיק, פּיק, פּיק. און נאָך זיי האָבן אויך די איבעריקע פייגעלעך אָנגעהויבן: פּיק, פּיק, פּיק, פּיק, און האָבן אַלע גוטע לינדועלעך געקליבן אין שיסל אַריין, עס

האָט קיין האַלבע שעה ניט געדויערט, האָבן זיי שוין די גאַנצע לינדון אויסגע־קליבן פון דעם אַש, און זיינען זיך צעפלויגן. דאָס מיידל האָט ביידע שיסלען לינדון צו דער שטיפמוטער געבראַכט. זי האָט זיך זייער געפרייט, ווייל זי איז געווען זיכער, אַז איצט וועט זי שוין געווים מיטגיין אויף דער חתונה. אָבער די שטיפמוטער האָט איר געזאָגט:

— ניין, שלומפערל, עס וועט דיר גאָרנישט העלפן. דו וועסט מיט אונדז ניט גיין, וואָרעם דו האָסט קיין קליידער ניט און דו קענסט ניט טאַנצן. מיר וועלן זיך שעמען מיט דיר.

און ביי די ווערטער האָט זי זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן, האָט גענומען אירע אייגענע צוויי טעכטער און איז מיט זיי אַוועק אין קיניגלעכן שלאָס אַריין.

## 7. שלומפערל אויפן באַל.

אַז שלומפערל איז געבליבן אַליין, איז זי אַוועק צו איר מוטער אויפן קבר, האָט זיך געשטעלט אונטער דעם נוס־בוים און האָט געזאָגט:

„טרייסל זיך, טרייסל זיך, מיין ביימעלע,
וואַרף גאָלד און זילבער דיין יתומהלע".

גלייך האָט איר דער פויגל אַראָפּגעוואָרפן אַ גאָלדענע און אַ זילבערנע קלייד און מיט זייד און זילבער אויסגענייטע שיך. זי האָט זיך אָנגעטאָן די שיינע קלייד און איז אַוועק אויף דער חתונה. די שטיפשוועסטער און די שטיפ־מוטער האָבן זי ניט דערקענט. זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס איז אַ פרעמדע פרינצעסין געקומען פון אַ ווייטן לאַנד, — אַזוי שיין האָט זי אויסגעזען אין דער גאָלדענער קלייד. אַז דאָס זאָל זיין שלומפערל, איז זיי גאָר אויפן זינען ניט גע־קומען. זיי האָבן געמיינט, אַז זי זיצט אין דער היים אין שמוץ און אין אַש און קלייבט די לינדון אין שיסל.

אַז דעם קיניגס זון האָט זי דערזען, איז ער איר אַנטקעגן געגאַנגען, האָט זי אָנגענומען פאַרן האַנט און איז מיט איר אַוועק טאַנצן. מיט אַנדערע האָט ער

עוזו מער ניט געטאַנצט, ער האָט איר האַנט פון זיינער ניט אַרויסגעלאָזן. אַז עמיצער אַנדערש האָט זי געוואָלט אײַנלאַדן, האָט ער געזאָגט: „דאָס איז מיין טענצערין".

אַזוי האָבן זיי געטאַנצט, ביז עס איז געוואָרן אָוונט. דעמאָלט האָט שלום־פערל געוואָלט גיין אַהיים. אָבער דעם קיניגס זון האָט געזאָגט:

— איך גיי דיך באַגלייטן.

ער האָט געוואָלט וויסן, צו וועמען געהערט דאָס שיינע מיידל. נאָר שלום־פערל האָט זיך פון אים אין וועג אָפּגעגנבעט און איז אַרייַנגעשפּרונגען אין טויבנשלאַק. האָט דעם קיניגס זון געוואַרט, ביז איר פאָטער איז געקומען און האָט אים דערציילט, אַז דאָס שיינע מיידל איז אין טויבנשלאַק אַרייַנגעשפּרונגען. דער אַלטער האָט אַ טראַכט געטאָן: „אפשר איז דאָס שלומפּערל?" האָט ער געהייסן ברענגען אַ האַק און דעם טויבנשלאַק צעשפּאַלטן. נאָר אינעווייניק איז קיינער ניט געווען. און אַז אַלע זיינען אַהיים געקומען, איז שלומפּערל אין איר שמוציקן כאַלאַטל הינטערן אויוון געלעגן, און אין קיך האָט אַ טונקל אייל־לעמפּעלע געברענט. וואָרעם שלומפּערל איז געשווינד פון הינטער דעם טויבנשלאַק אַרויסגעשפּרונגען און צו דעם נוס־בוים אַוועק. דאָרט האָט זי די שיינע קליידער אויסגעטאָן און אויף דעם קבר אַוועקגעלייגט. דער פויגל האָט זיי גלייך צוגענומען. דערנאָך האָט זי איר גרויען כאַלאַטל אָנגעטאָן און האָט זיך הינטערן אויוון געזעצט.

## 8. דער צווייטער אָוונט אויפן באַל.

אויפן צווייטן טאָג איז די שטיפמוטער מיט אירע טעכטער ווידער אין קיניגלעכן שלאָס אַוועק. אַז שלומפּערל איז אַליין געבליבן, איז זי אַוועק צו דער מוטערס קבר און האָט זיך געשטעלט אונטערן נוס־בוים און האָט געבעטן אַזוי ווי נעכטן:

„טרייסל זיך, טרייסל זיך, ביימעלע,
וואַרף גאָלד און זילבער דיין יתומהלע".

תיכּף האָט איר דער פויגל אַ קלייד אַראָפּגעוואָרפן, וואָס איז פיל שע־
נער געווען, איידער דאָס נעכטיקע. און אַז שלומפּערל האָט זיך אין אים באַ־
וויזן אויף דער חתונה, זיינען אַלע געסט אויסער זיך געווען פון איר שיינקייט.
דעם קיניגס זון האָט שוין אויף איר געוואַרט. ער האָט זי גענומען פאַרן האַנט
און האָט די גאַנצע צייט נאָר מיט איר אַליין געטאַנצט. אַז אַנדערע האָבן זי
געוואָלט איינלאַדן, האָט ער געזאָגט: „דאָס איז מיין טענצערין".

אין אָוונט האָט זי געוואָלט גיין אַהיים. דעם קיניגס זון איז איר נאָכגע־
גאַנגען. האָט זי אַ שפּרונג געטאָן און איז אין גאָרטן אַריין. דאָרט איז געשטאַ־
נען אַ בוים, וואָס אויף אים זיינען פיינע בערנעס געהאַנגען. זי האָט אַרויפגעקלע־
טערט אויפן בוים צווישן די צווייגן געשווינד, ווי אַ קאַץ. דעם קיניגס זון האָט
נישט געוווּסט, וווּ זי איז אַהינגעקומען. האָט ער געוואַרט, ביז דער פאָטער איז
געקומען, און אים דערציילט: „דאָס פרעמדע מיידל איז פון מיר אַנטלאָפן, און
מיר דוכט, אַז זי איז אויף דעם באַרנבוים אַרויפגעשפּרונגען". דער פאָטער האָט
אַ טראַכט געטאָן: „אפשר איז דאָס שלומפּערל?" האָט ער געהייסן ברענגען
אַ האַק און אָפּגעשניטן דעם בוים, אָבער קיינער איז אויף אים נישט געווען. און
אַז זיי זיינען געקומען אין קיך, איז שלומפּעל געלעגן הינטערן אויוון, ווי אַלע
מאָל. וואָרעם זי איז פון דער אַנדער זייט בוים אַראָפּגעשפּרונגען, האָט דעם
פויגל אויפן נוס־בוים די שיינע קלייד אָפּגעגעבן און דעם גרויען כאַלאַטל אָנגעטאָן.

## 9. דער דריטער אָוונט.

אויפן דריטן טאָג, אַז די עלטערן מיט די שוועסטער זיינען אַוועק, איז
שלומפּערל ווידער געקומען צו דער מוטער אויפן קבר און האָט געזאָגט צו
דעם נוס־בוים:

„טרייסל זיך, טרייסל זיך, מיין ביימעלע,
וואַרף גאָלד און זילבער דיין יתומהלע".

תיכּף האָט דער פויגל איר אַראָפּגעוואָרפן אַזוינע פיינע קליידער, אַז קיי־
נער האָט נאָך קיינמאָל אַזעלכע ניט געזען; און די שיך זיינען געווען פון גאָלד.

אַז זי האָט זיך אין דעם קלייד אויף דער חתונה באַוויזן, האָט קיינער פון די געסט קיין וואָרט ניט געקאָנט אויסריידן, אַזוי פאַרוואונדערט זיינען זיי געווען. דעם קיניגס זון האָט די גאַנצע צייט נאָר מיט איר אַליין געטאַנצט, און אַז עמעצער אַנדערש האָט זי איינגעלאַדן, האָט ער געזאָגט: „דאָס איז מיין טענצערין".

אין אָוונט האָט שלומפּערל געוואָלט גיין אַהיים, איז דעם קיניגס זון איר נאָכגעגאַנגען צו באַגלייטן. אָבער זי איז אַזוי געשווינד אַוועקגעלאָפן, אַז ער האָט זי ניט געקאָנט דעריאָגן. איז ער געפאַלן אויף אַ שׂכל: ער האָט געהייסן די גאַנצע טרעפּ אויסשמירן מיט פּעך. און אַז שלומפּערל האָט אַ שפּרונג געטאָן צו אַנטלויפן, איז ביי איר דער לינקער שוך פון פוס אַראָפּגעפאַלן און איז געבליבן צוגעקלעפּט צו די טרעפּ. דעם קיניגס זון האָט אים אויפגעהויבן, ערשט ער איז געווען זייער אַ קליינינקער, אַ שיינינקער און אינגאַנצן פון גאָלד.

## 10. דעם קיניגס זון זוכט זיין כּלה.

אויף מאָרגן איז דעם קיניגס זון אַוועק צום פאָטער און האָט געזאָגט:

— איך וויל חתונה האָבן אַנדערש ניט מיט דער מיידל, וואָס דער שוך וועט איר פּאַסן צום פוס.

און ער איז אַוועק זוכן דאָס מיידל, וואָס דער שוך זאָל איר פּאַסן צום פוס.

אַז ער איז צו שלומפּערלס פאָטער געקומען, האָבן זיך דיביידע שטיפטעכטער זייער דערפרייט, וואָרעם זיי האָבן געהאַט שיינע פיס. די עלטערע האָט דעם שוך גענומען און איז מיט דער מוטער אַרוים אין אַ קאַמער אָנצופּאַסן. אָבער זי האָט דעם שוך ניט געקאָנט אָנטאָן, ווייל דער גראָבער פינגער איז ניט אַריין. האָט איר די מוטער דערלאַנגט אַ מעסער און געזאָגט.

— האַק אָפּ דעם גראָבן פינגער; ווען דו ביסט אַ קיניגין, דאַרפסטו סיי-ווי מער ניט גיין צו פוס.

דאָס מיידל האָט אָפּגעשניטן דעם פינגער, קוים אַריינגעשפּאַרט די פוס אין שוך, פאַרדריקט דעם ווייטאָג אין האַרצן און איז צום קיניגס זון אַרוים. ער האָט זי אויפן פערד אַרויפגענומען, ווי זיינע אַ כּלה, און איז מיט איר

אוועקגעריטן. זיי האָבן אָבער געמווט פאַרבייפאָרן דעם קבר פון שלומפערל'ס מוטער, און דאַן זיינען צוויי טייבעלעך אויף דעם נוס=בוים געזעסן און גערופן:

„ווידער גיי זוך, ווידער גיי זוך,
בלוט איז אין שוך,
דער שוך איז צו קליין,
די אמתע כלה זיצט נאָך אינדערהיים".

## 11. די פאַלשע כלות.

דעם קיניגס זון האָט אַ בליק געטאָן אויף דער כלהס פיס, ערשט דאָס בלוט פלייצט פון שוך און פאַרבט רויט די ווייסע זאָקן ביז אַרויף. תיכף האָט ער פאַרקירעוועט דעם פערד און די פאַלשע כלה צוריק אָפּגעפירט אַהיים.

— דאָס איז ניט די אמתע כלה, — האָט ער געזאָגט, — זאָל די צווייטע שוועסטער דעם שוך אָנמעסטן.

באַלד איז די צווייטע שוועסטער אַרוים מיט דער מוטער אין אַ קאַמער און האָט גענומען מעסטן דעם שוך. אָבער די פיאַטע איז ביי איר צו גרויס געווען און איז אין שוך ניט אַריין. דאָ האָט די מוטער איר אַ מעסער דערלאַנגט און געזאָגט:

— האַק אָפּ די פיאַטע. סיי ווי דאַרפסטו מער ניט גיין צו פוס, ווען דו ווערסט אַ קיניגין. דאָס מיידל האָט אָפּגעהאַקט אַ שטיק פיאַטע, מיט צרות אַריינגעשפאַרט די פוס אין שוך, דעם ווייטאָג אין האַרצן פ רדריקט און איז אַרוים צום קיניגס זון, וועלכער האָט זי, ווי אַ כלה, אַרויפגענומען אויפן פערד און איז מיט איר אַוועקגעריטן. אַז זיי זיינען פאַרביי דעם נוס=בוים געריטן, זיינען דאָרט געזעסן די צוויי טייבעלעך און האָבן געזאָגט:

„ווידער גיי זוך, ווידער גיי זוך,
בלוט איז אין שוך,
דער שוך איז צו קליין,
די אמתע כלה זיצט נאָך אינדערהיים".

דער קיניגס זון האָט אַ בלק געטאָן אויף דער כלהס פוס, ערשט דאָס בלוט פלייצט פון שוך, ווי פון אַ קוואַל. תיכּף האָט ער פאַרקירעוועט דעם פערד און האָט די פאַלשע כּלה צוריק געפירט אַהיים.

## 12. די אמתע כלה.

דעמאָלט האָט דעם קיניגס זון געזאָגט צו שלומפּערלס פאָטער:

— דאָס איז אויך ניט די אמתע כּלה. אפשר האָט איר נאָך אַ טאָכטער?

— ניין, — זאָגט דער פאָטער, — גאָר פון מיין ערשטער פרוי איז נאָך אַ קליין שמוציק שלומפּערל דאָ. עס פּאַסט אָבער ניט, אַז זי זאָל אייער כּלה ווערן.

דעם קיניגס זון האָט געהייסן, מ'זאָל נאָך איר שיקן. אָבער די שטיפמו-טער האָט געזאָגט: — „אַך, ניין, זי איז צופיל פאַרשלומפּערט, מ'קאָן זי ניט באַווייזן".

נאָר דעם קיניגס זון האָט דורכאויס געוואָלט זען דאָס מיידל, און מ'האָט נאָך דער שלומפּערל געמוזט שיקן. זי האָט זיך תיכּף איינגעוואַשן די הענט און דעם פּנים. דערנאָך איז זי אַריין און האָט זיך פאַרנויגט פאַר דעם קיניגס זון, וואָס האָט איר דעם גאָלדענעם שוך דערלאַנגט. זי האָט זיך געזעצט אויף אַ בענקעלע, פון פוס דעם שווערן הילצערנעם פּאַנטאָפל אַראָפּגעוואָרפן, און דעם גאָלדענעם שוך אָנגעטאָפּטן — ער איז געלעגן אויסגעגאָסן. און אַז זי האָט זיך צוריק געשטעלט, און דעם קיניגס זון האָט איר אין געזיכט דערזען, האָט ער תיכּף דערקענט, אַז דאָס איז דאָס שיינע מיידל, מיט וועלכער ער האָט גע-טאַנצט אויפן באַל, און ער האָט געזאָגט:

— אָט דאָס איז זי, די אמתע כּלה!

די שטיפמוטער אוןביידע שוועסטער האָבן זיך דערשראָקן און זיינען בלאַס געוואָרן פון האַרצווייטאָג. אָבער דעם קיניגס זון האָט די שלומפּערל

אַרײַפֿגענומען אויפֿן פֿערד און איז מיט איר אַװעקגעריטן. אַז זײ זײַנען פֿאַרבײַ דעם נוסבוים געריטן, האָבן די צװײ װײַסע טײַבעלעך געװאָרקעט:

„מערער ניט זוך, מערער ניט זוך,
מער ניטאָ קײן בלוט אין שוך,
און דער שוך איז ניט צו קלײן —
די אמתע כלה פֿירט ער אַהײם".

און גלײַך זײַנען זײ אַראָפּגעפֿלױגן פֿון בױם, האָבן זיך געזעצט בײַ דער שלומפּערל אויף די אַקסלען, אײנע פֿון רעכטס, אײנע פֿון לינקס, און זײַנען דאָרט געבליבן זיצן.

און שלומפּערל איז געװאָרן אַ קיניגין און האָט אַלע אירע צרות פֿאַרגעסן.



# אַ מיידעלע וואָס האָט געראַטעוועט אַ צוג.

## I.

די קליינע פראַניע איז געבוירן געוואָרן אין אַן אײַזנבאַן־שטיבל, איר טאַטע איז געווען אַ שומר ביי דער אײַזנבאַן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס מיידעלע איז שוין פון קינדווייז אָן געוווינט געווען צום טומל און פייפעריי פון די צוגן. זי פלעגט זיך תמיד ציקוקן, ווי דער טאַטע אירער פלעגט עטלעכע מאָל אין מעת־לעת אַרויסגיין באַגעגענען און באַלייטן די פאַרבייגייענדיקע צוגן. ביי טאָג פלעגט ער האַלטן אין האַנט אַ פענדל און ביינאַכט — אַן אָנגעצונדענע לאַמטערנע.

און פראַניען איז דער באַגעגענען די צוגן זייער געפעלן געוואָרן. ווי נאָר זי פלעגט דערהערן, אַז עס רוישט פונדערווייטנס דער לאָקאָמאָטיוו, פלעגט זי אַרויסלויפן פון שטיבל און לאָזן זיך אַנטקעגן, ביז צו די סאַמע רעלסן.

דערווייל איז זיך פראַניע אונטערגעוואַקסן, אָנגעהויבן לויפן אין שול, און אין דערוועלביקער צייט העלפן דעם טאַטן און זיין אַרבעט. זי האָט שוין געוווּסט, אַז איידער עס גייט דורך אַ צוג, מוז דער טאַטע אירער אַרומקוקן אַ געוויסע שטרעקע אַרום און אַרום, צי די ליניע איז, חלילה, נישט געשעדיקט געוואָרן, צי ס'איז שטאַרק גענוג דער בריק, וואָס איז געהאַנגען איבער אַ טיפן תהום, און אַז ער פלעגט זען, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן אויף זיין פאָסט מיט אַ גרינעם פענדל אין האַנט.

דאָס גרינע פענדל איז געווען אַ סימן, אַז די ליניע איז ווי עס דאַרף צו זיין, און אַז דער צוג קאָן זיך בשלום לאָזן ווייטער אין וועג אַריין. אויב אָבער דער פאָטער אירער פלעגט ערגעץ־ווו באַמערקן אַ צעשעדיקונג, דערהויפּט נאָך אַ שטאַרקן שטורעם אָדער שלאַקס־רעגן, פלעגט ער אָנהייבן פאָכן מיט אַ רויטן פענדל אַהין און אַהער, ביז דער צוג פלעגט זיך אָפּשטעלן.

פראַניע האָט זיך צוגעקוקט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו די אַלע זאַכן און האָט זיך געפרייט, וואָס זי קאָן שוין ברענגען נוצן דעם פאָטער, און פלעגט אים אָפּטמאָל זאָגן מיט שטאָלץ:

— גיי, טאַטע, דו האָבט דאָך אַנדערע אַרבעט, און דעם צוג וועל איך שוין באַגעגענען אַליין.

און דאָס מיידעלע איז געווען אַזוי אויפמערקזאַם און פּינקטלעך, אַז מען האָט זיך אויף איר גאַנץ זיכער געקאָנט פאַרלאָזן.

אַזוי איז זיך אַלץ געגאַנגען כשורה, און זיי האָבן אַלע געלעבט גאַנץ גליקלעך.

## II.

מאַכט זיך אָבער איינמאָל, אַז דער פאָטער איז אין אַ שרעקלעכער זאַוועָ-רוכע אַרויס באַגעגענען אַ צוג און האָט זיך שטאַרק צוגעקילט. ער האָט באַ-קומען אַ לונגען-אַנטצינדונג און זיך אַריינגעלייגט אין בעט אַריין. די מאַמע איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיין בעט, און פראַניע האָט שוין אַליין געמוזט אָפּהיטן יעדן צוג.

אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן, איז פראַניע געוואָרן נאָך פיל אויפ-מערקזאַמער.

— גענוג שוין צו וויינען, מאַמע האַרציקע, — האָט זי געזאָגט צו דער מאַמען, — קאָנסט נאָך, חלילה, אויך קראַנק ווערן.

— אוי, טאָכטערל מיינס, האָט די מאַמע טרויעריק געענטפערט, — ס'טוט מיר וויי דאָס האַרץ, סיי פאַר אים, וואָס ער איז אַזוי פלוצלונג אָפּגעשטאָרבן, און סיי פאַר דעם, וואָס מען וועט נאָך אונדז פון שטיבל אויך אַרויסטרייבן. אויף אַזאַ זאַך מוז מען דאָך האָבן אַ מאַנסביל.

— פאַרוואָס זאָל מען אונדז פון דאַנען אַרויסטרייבן, מאַמע ליבע? — האָט פראַניע געפרעגט. — איך היט דאָך אָפּ יעדן צוג, און זינט דער טאַטע איז קראַנק געווען, האָב איך דאָך אפילו איין צוג אויך נישט דורכגעלאָזן.

— פונדעסטוועגן וועט מען אונדז אַרויסטרייבן און נעמען אַ נייעם וועכטער.

אינגיכן איז אָנגעקומען דער אינספּעקטאָר פון דעם אַייזנבאַן. פראָניעס מאַמע איז אים געפאַלן צו די פיס און געבעטן, ער זאָל זי דאָ אויך ווייטער איבערלאָזן.

— שוין אַ חודש איבערגעגאַנגען, און כ'האָט זיך, דאַנקען גאָט, גאָרנישט ניט געטראָפן פאַר דער צייט — האָט זי אַלץ געטענהט. — איך וועל מיט דער טאָכטער מיינער אויפּפאַסן, און דערווייל וועט אונטערוואַקסן מיין זון און פאַרנעמען דעם טאַטנס אָרט.

דער אינספּעקטאָר האָט רחמנות באַקומען אויף דער אָרעמער אַלמנה.

— גוט, איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איך קאָן נאָר, — האָט ער געזאָגט — נאָר פונדעסטוועגן איז זיך ווייער שווער צו באַגיין אָן אַ מאַנסביל, — וועל איך זיך מאַכן, אַז איך ווייס בלומרשט ניט, אַז אַייער זון איז נאָך אַזאַ קליינער. נאָר איך זאָג אַייך פאָראויס, אַז אויף זיכער ווייס איך נישט.

און אַזוי האָט די אָרעמע פרוי אָנגעהויבן לעבן אין איין שרעק — מען זאָל זי נישט אַרויסטרייבן פון איר ווינקעלע, און עס זאָל איר נישט אויסקומען אַוועקשלעפּן זיך איבער די הייזער מיט אירע קליינע קינדער. און פראָניע האָט פאַר דער צייט ווונדער געוויזן: צווישן איין צוג און דעם אַנדערן פלעגט זי באַוויזן לויפן אין שול צו דער באַשטימטער צייט און נאָכדעם שוין ווידער אין דער ריכטיקער מינוט שטיין אויף איר פּאָסט און באַגלייטן די לאַנגע, שוואַרצע שרעגע וואַגאָנעס, וואָס פלעגן זיך אַוועקשלעפּן איבער בערג און וועלדער.

## .III

מאַכט זיך איינמאָל חנוכה=צייט אַ שרעקלעכער שטורעמדיקער טאָג. פון אינדערפרי אָן האָט געשאָטן אַ שניי, און אַ מעטעליצע האָט געדרייט, און פאַרנאַכט=צו האָבן מוראדיקע ווינטן אָנגעהויבן אַזוי אימהדיק פייפן אין די בערג.

פראָניע, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג אַרומגעקוקט די ליניע, ווי עס באַדאַרף צו זיין — איז זיך געזעסן אויף איר בעטל און אָפּגעוואַרט דעם פאַרנאַכטיקן צוג.

פלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער קלאַפּ, און דאָס הייזל האָט זיך אײַנגעטרייסלט, ווי בשעת אַן ערדציטערניש.

— וואָס איז דאָס אַזוינס? מען דאַרף גיין אַ קוק טאָן — האָט פראָניע אַ זאָג געטאָן.

— דו האָסט דאָך די ליניע אָקאָרשט אַרומגעקוקט, וווהין־זשע וועסטו גיין ביינאַכט אין אַזאַ וועטער? ס'קאָן נאָך מיט דיר, חלילה, עפּעס פּאַסירן.

— וואָס רעדסטו, מאַמע? באַלד דאַרף דאָך דורכגיין דער צוג, — מוז מען דאָך אַ קוק טאָן. האָב קיין מורא נישט, איך בין שוין געוווינט געוואָרן.

און פראָניע האָט זיך אײַנגעוויקלט אין איר רעגנמאַנטל, גענומען אַ לאַמטערנע און איז אַרויסגעגאַנגען.

אין אַ מינוט פינף אַרום איז זי צוריקגעקומען ווייער אַ דערשראָקענע.

— אַן אומגליק אַ גרויסער! דער בריק איז אײַנגעפאַלן! — האָט זי אויסגעשריען און אויף גיך אָנגעצונדן די רויטע לאַמטערנע און גענומען אַ כאַפּ אַראָפּ פון וואַנט דעם סיגנאַל־האָרן.

— אָך, גאָט מײַנער, גרויסער גאָט! וואָס וועסטו איצטער טאָן? — האָט די מאַמע אין שרעק אַ פרעג געטאָן, דאָס איז דאָך אַ שנעל־צוג און ער לויפט דאָך דורך, ווי אַ בליק.

— איך האָב אָנגעצונדן די רויטע לאַמטערנע.

— אין אַזאַ מעטעליצע וועט מען זי גאָרנישט דערזען.

— וועל איך בלאָזן אין האָרן.

— מען וועט נישט הערן, קינד מײַנס, ס'וועט דיר נישט קלעקן קיין כוח.

נאָר פראָניע האָט זיך אײַנגעוויקלט אין איר רעגנמאַנטל מיטן באַשליק און איז אַרויסגעלאָפן אַנטקעגן דעם צוג.

אַ קאַלטער ווינט האָט געשמיסן אין פּנים אַריין און נישט געלאָזט לויפן, נאָר פראַניע האָט זיך נישט אָפּגעשטאָקן און נאָר געטראַכט פון דעם, צי וועט דער מאַשיניסט כאָטש דערזען איר סיגנאַל.

נאָר אָט האָט זיך דערהערט פונדערווייטנס דער פייף פונעם לאָקאָמאָטיוו. פראַניעס האַרץ האָט שטאַרק אָנגעהויבן צו קלאַפּן, און דער גאַנצער קערפּער האָט איר גענומען ציטערן ביי דעם געדאַנק, אַז דער גאַנצער צוג מיט אַלע מענטשן, וואָס אין אים, קאָנען אַריינפאַלן אין טיפן תהום.

און אָט איז שוין דער צוג... פראַניע האָט אויסער זיך אָנגעהויבן פאָכן מיט דער רויטער לאַמטערנע און בלאָזן מיט אַלע כוחות אין האָרן, נאָר אַלץ איז אומזיסט. דער צוג לויפט, פראַניע שרייט און בלאָזט מיט די לעצטע כוחות, אָבער דער שטאַרקער ווינט און דאָס גערויש פון די רעדער פאַרטומלען אירע געשרייען, און דער צוג קומט אַלץ נעענטער און נעענטער.

פראַניע האָט פאַרגעסן אַלץ אין דער וועלט, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פאָראויס צו די רעלסן און אָט איז זי שוין אינגאַנצן עטלעכע טריט פונעם לאָקאָמאָטיוו. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט עפּעס אַן אומגעריכטער קנאַק, און וואָס ווייטער איז געווען, האָט שוין פראַניע נישט געזען און נישט געהערט, ווען זי איז אַ פאַרחלשטע אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד

אַז פראַניע איז צו זיך געקומען — האָט זי גלייך באַמערקט לעבן זיך דעם צוג. „הייסט עס, אַז ער איז אין אָפּגרונט נישט אַריינגעפאַלן, אַז ער איז ניצול געוואָרן" — האָט פראַניע אַ טראַכט געטאָן און פאַר גרויס שמחה האָט זי אָנגעהויבן גלייכצייטיק וויינען און לאַכן.

דערווייל זיינען אַראָפּגעשפּרונגען פון צוג די קאָנדוקטאָרן און עטלעכע פּאַסאַזשירן, וואָס האָבן געוואָלט דערגיין, וואָס איז דאָ אייגנטלעך פאָרגעקומען און וואָס באַטייט דאָס דער שרעקלעכער שטויס.

— איך האָב פּלוצלונג דערזען אַ שוואַרצן שאָטן מיט אַ רויטער לאַמטערנע — האָט דערקלערט דער מאַשיניסט, — האָב איך קוים-קוים אַריינגע-

כאַפּט אָנצושטעלן זיעם טאָרמאַז, און נאָך אַ האָר וואָלט איך אַליין אויך אַראָפּ־געפלויגן פון לאָקאָמאָטיוו. ד״ר בריק האָט זיך אָפּגעריסן, און אָט דאָס דאָזיקע מיידעלע האָט אונדז אַלעמען געראַטעוועט.

איניקע נייגעריקע פּאַסאַזשירן זיינען צוגעגאַנגען צום ברעג פון תהום און אַראָפּגעקוקט צום טיפן אָפּגרונט, וווהין זיי זיינען אַלע שיר־שיר ניט אַריינגע־פאַלן, נאָכדעם האָבן זיך אַלע אַרומגעקליבן אַרום דעם מיידעלע, וואָס האָט זיי געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט.

דערווייל איז צוגעגאַנגען עפּעס אַ מאַנסביל.

— לאָמיר זיך צונויפלייגן אַ ביסל געלט און געבן איר — האָט ער גע־זאָגט און אַרויסגענומען הונדערט פראַנק.

האָבן די איבעריקע אויך אָנגעהויבן שענקען, וויפל ווער עס האָט געקאָנט.

— ניין, מיר דאַרפן נישט קיין געלט — האָט געזאָגט פראָניע — מען האָט דאָך אונדז דאָ אַוועקגעזעצט כדי אָפּצוהיטן דעם וועג, און אויב איר ווילט שוין יאָ אונדז טאָן אַ טובה — טאָ זאָגט אין דער פאַרוואַלטונג פון דער אייזנבאַן, אַז מיר טוען אַלץ, ווי עס באַדאַרף צו זיין, און אַז זיי זאָלן נישט שיקן אויף אונד־זער אָרט קיין מאַנסביל און זיי זאָלן אונדז דאָ איבערלאָזן, ווי ביז אַהער.

— גוט, איך וועל מיט זיי וועגן דעם איבעררעדן, — האָט געזאָגט איינער פון די מענער, וואָס איז געווען אָנגעטאָן, ווי אַ אינזשענער — און איך האָף, אַז מען וועט אייך דאָ איבערלאָזן.

און פראָניע מיט דער מאַמען זיינען אַדאַנק אָט דער באַשריבענער גע־שיכטע געבליבן אויך אויף ווייטער אין דעם הייזל, וואָס ביי דער אייזנבאַן־ליניע, און רויק אויסגעלעבט זייערע יאָרן.

# אינהאַלט

